# קאַמפף פאַר
# דישע רעכט



אַ בליק אין דער אידישער רעכטלאָ־
זיגקייט און אין דער געשיכטע
פון דער אידישער עמאַנציפּאַציאָנס
בעוועגונג

אונטער דער רעדאַקציע פון

ב. באָרוכאָוו

אַרויסגעגעבען פון
אידיש נאַצ. אַרבייטער פערבאַנד פון אַמעריקא
ניויאָרק, אויגוסט, 1916.

# אינהאַלט:

זייט

פאָרוואָרט ........................................ 3
1. רעכט און דער קאַמפּף פאַר רעכט.............. 7
2. די געשיכטע פון אידישער עמאַנסיפּאַציע אין מערב־איראָפּאַ...... 12
(א. טשעריקאָווער.)
3. דער קאַמפּף פאַר אידישע רעכט אין מזרח־איראָפּאַ........... 20
4. די אידישע רעכטלאָזיגקייט אין רוסלאַנד (א. טשעריקאָווער)...... 33
5. די אידישע רעכטלאָזיגקייט אין רומעניען (ד. בן־גריון).......... 45
6. די אידישע רעכט־לאַגע אין עסטרייך...................... 52
7. די רעכטליכע לאַגע פון די אידען אין דער טערקיי (ד. בן־גריון).... 63
8. די בירגערליכע גלייכבערעכטיגונג......................... 73
א. מענשליכע און פּערזענליכע רעכט......................... 75
ב. בירגערליכע (פּאָליטישע) רעכט.......................... 77
9. די נאַציאָנאַלע פראַגע און נאַציאָנאַלע רעכט.................. 81
10. נאָכוואָרט ........................................ 93

די קאַפּיטלען 1, 3, 6, 8, 9 און 10 זיינען פערפאַסט פון ב. באָרוכאָוו.



PINSKI-MASSEL PRESS, INC
84 BOWERY, N. Y.
446

# אין קאמפף
# פאר אידישע רעכט

אַ בליק אין דער אידישער רעכטלאָזיגקייט
און אין דער געשיכטע פון דער אידישער
עמאַנציפּאַציאָנס בעוועגונג

אונטער דער רעדאקציע פון

**ב. באָרוכאָוו**

אַרויסגעגעבען פון

אידיש נאַצ. אַרבייטער פערבאַנד פון אַמעריקא

ניויאָרק, אויגוסט, 1916.

# פאָרוואָרט

די וועלט־מלחמה האָט אין זיך פערוויקעלט א גאנצע מאסע אָנגעוועה־טאָגטע פראגען, נאַציאָנאלע, סאָציאלע און וועלט־פּאָליטישע, וואָס האָבען שוין לאנג געוואַרט אויף א געהעריגער לייזונג. ס'איז ניט אויסגעשלאָסען, אז די גרויסע איבערקעהרענישען, וואָס מ'קאָן ערווארטען נאָך דער מלחמה, זאָלען ברענגען א טהיילווייזע אָדער אפילו אַן ענדגילטיגע לייזונג פאַר איינינע פון אָט די פראגען.

צווישען די פּראָבלעמען, וואָס האָבען שוין לאנג געדאַרפט געלייזט ווערען און וואָס די מלחמה האָט מיט העלישען פייער בעלויכטען פאַר דער וועלט אין זייער גאנצען טראגישען ערנסט, פערנעהמט די אידען־פראגע איינעם פון די ערשטע פּלעצער. איינער פון די וויכטיגסטע מלחמה־טהעאַ־טערס פערשפּרייט זיך איבער א קאָלאָסאלער טעריטאָריע, וואו א וויכטיגען טהייל פון דער בעפעלקערונג בילדען די אידישע מאסען. ניין מיליאָן אידען וואוינען אין יענע געגענדען פון רוסלאנד, ליטא, קורלאנד, פּוילען, פּרייסען, גאליציען, בוקאָווינא, אונגארן און טערקיי, וואָס בילדען דעם מזרח־טהעאַטער פון דער מלחמה. דער שווערסטער און קאַטאַסטראָפאלסטער טהייל פון'ם וועלט־קריעג שפּיעלט זיך פאנאנדער דירעקט אויף די פּלייצעס פון אידישען פאָלק. דער עקאָנאָמישער חורבן, די פּאָליטישע רעכטלאָזיגקייט, די מילי־טערישע הפקרות, אַלץ האָט זיך פעראייניגט צו פערוואנדלען דאָס לעבען פון די אידישע מאסען אין אַן אמת'ען גהינם, פול מיט איבער־מענשליכע יסורים, פיזישע און גייסטיגע.

קיינמאָל האָט נאָך די אוננאָרמאלע לאגע פון אידישען פאָלק ניט בעוויזען איהר צוואוואונדעטען פּנים מיט אזא שרעקליכער אָפענקייט, ווי אין אָט די שווארצע יאָהרען פון וועלט־שרפה, און קיינמאָל האָט נאָך די שוידערליכע אידען־פראגע ניט אָנגענומען אזא אויסגעשפּראָכענעם כאראק־טער פון א וועלט־פּראָבלעם, פון אַן אינטערנאציאָנאלען אומגליק, ווי אצינד.

אויף די אידען פון די נייטראלע לענדער, און בעזאָנדערס אויף די דריי מיליאָן אידען פון די פעראייניגטע שטאאטען, איז איצט אויסגעפאלען די

אויפגאבע ארויפצובערענגען דאס אידישע פראבלעם אויף דער טאגעס־ארד־נונג פון דער וועלט־פאליטיק און צו פערלאנגען פון דער מענשהייט, אז די אידען־פראגע זאל איין מאל פאר אלע מאל געלייזט ווערען אויפ׳ן מעגליכסטן ראדיקאלען אופן. די אמעריקאנער אידען האבען אויף זיך דעם גרויסען היסטארישען חוב צו זארגען דערפאר, אז דאס אידישע פאלק זאל ענדליך בעפרייט ווערען פון זיין ביישפיעללאזער אוננארמאלער לאגע: עס מוז ענדליך געשאפען ווערען א גאראנטיע געגען דעם, וואס יערע קאטאסטראפע פון דער געשיכטע שטעלט אונזער פאלק ביים ראנד פון אונטערגאנג און וואס יעדעס מאל ווערט אונזער פאלק ערשיטערט טיעפער און געפעהרליכער, ווי אלע אנדערע פעלקער.

צו דעם צוועק מוז דאס אמעריקאנער יודענטהום קודם כל האבען א קלארעס בילד וועגען דער אידישער לאגע אין די מלחמה־לענדער. און אזוי ווי די אידען־פראגע קען אוועקגעשטעלט ווערען אויף דער פאליטישער טאגעס־ארדנונג הויפטזעכליך פון דער רעכטליכער זייט, מוז קודם כל בע־לויכטען ווערען די ר ע כ ט ל י כ ע לאגע פונ׳ם אידישען פאלק אין פער־שיעדענע לענדער. דא שטויסען מיר זיך אן אויף דער פיעלזייטיגער און פערשיעדענארטיגער רעכטלאזיגקייט פון אידישען פאלק, און די ערשטע זאך, וואס מיר קענען מאהנען ביי די פעלקער פון דער ערד, איז, אז די רעכט־לאזיגקייט פון אונזער פאלק זאל אומעדום אפגעשאפט ווערען. די אידען, אלס פערזאנען, די אידען, אלס בירגער, און די אידען, אלס פאלק, מוזען אומעדום אוועקגעשטעלט ווערען אין א גלייכער רעכטליכער לאגע מיט אלע אנדערע פערזאנען, בירגר און פעלקער.

דאס קומט אונז, אלס עלעמענטארער יושר. דאס קומט אונז אלס קאמפענסאציע פאר די קרבנות, וואס מיר האבען געבראכט און וועלען נאך ברענגען בעת מלחמה און נאך איהר פאר דער מאכט און דעם גליק פון אלע לענדער. דאס קומט אונז אין די אינטערעסען פון אינזער רעטונג, פון אונזער בעפרייאונג, אין די אינטערעסען פון דער רעכטס־ארדנונג פון יענע לענדער, וואו מיר וואוינען, — דאס קומט אונז, ענדליך, אין די אינ־טערעסען פון דעם פארטשריט פון דער גאנצער מענשהייט.

די דאָזיגע בראָשורע בעהאַנדעלט די אידען־פראַגע אויסשליסליך פון איהר רעכטליכער, יורידישער זייט. ניט ווייל מיר וואָלטען מבזה געווען די אַנדערע זייטען פון אונזער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ, ווי: די שווערע אַנאָמאַליען פון אונזער עקאָנאָמישען לעבען, די קולטורעלע חלאת'ען, די עמיגראַציע, דעם געזעלשאַפטליכען אַנטיסעמיטיזם, די היסטאָרישע צו־קונפטס־האָפנונגען פון אידישען פאָלק, אָדער דעם דירעקטען חורבן, וואָס די מלחמה האָט אונז געבראַכט. ניין, אָט די אַלע זייטען זיינען פאַר זיך ניט וועניגער וויכטיג, איידער די רעכטליכע זייט. נאָר, ווי געזאָגט, קען פאַר די פעלקער היינט־צו־טאָג אַוועקגעשטעלט ווערען הויפּטזעכליך די רעכט־ליכע זייט פון אונזער פראַגע, און אין איהר מוזען מיר הויפּטזעכליך קלאָר ווערען.

דער אידיש־נאַציאָנאַלער אַרבייטער־פערבאַנד האָט בעשלאָסען אַרויס־צוגעבען אַ בראָשורע, וואָס זאָל אין קורצע און אַלגעמיינע שטריכען אָנ־צייכענען די וויכטיגסטע פראַגען פון דער אידישער רעכטלאָזיגקייט און פון דער אידישער גלייכבערעכטיגונג. ער האָט מיך אינסטרואירט אַזאַ בראָ־שורע צו פערפאַסען, נאָר כדי די נויטיגע קאָמפּליצירטע אַרבייט זאָל גע־מאַכט ווערען וואָס שנעלער און וואָס מעהר קאָמפּעטענט, האָב איך, מיט דער הסכמה פון פערבאַנד, צוגעצויגען צו דער אַרבייט די פריינד בן גריון און א. טשעריקאָווער, — דעם ערשטען, אַלס ספּעציאַליסט אין די אַנגע־לעגענהייטען פון די באַלקאַן־לענדער און דער טערקיי, און דעם צווייטען, אַלס ספּעציאַליסט אין רוסישע אַנגעלעגענהייטען. חוץ דעם האָט פריינד א. טשעריקאָווער איבערגענומען די געשיכטליכע איבערזיכט פון דעם קאַמפּף פאַר אידישער בירגערליכער עמאַנסיפּאַציע אין די לענדער פון מערב־אייראָפּאַ. די קאַפּיטלען 2 און 4 זיינען פערפאַסט פון טשעריקאָווער און די קאַפּיטלען 5 און 7 פון בן גריון. די קאַפּיטלען 1, 3, 6, 8, 9 און 10 פון מיר.

איך דריק אויס מיין טיעפען דאַנק די פריינד בן גריון און א. טשערי־קאָווער פאַר זייערע ווערטהפולע בייטראָגען.

נאָך אַ בעמערקונג, און מיר זיינען פאַרטיג מיט דער הקדמה. דער אידיש־נאַציאָנאַלער אַרבייטער־פערבאַנד האָט אַ בעשטימטען קוק אויף דער

צוקונפט פון דער גאַנצער מענשהייט און פון'ם אידישען פאָלק: דאָס איז די סאָציאַלע און אידיש־נאַציאָנאַלע וועלט־אַנשויאונג. אָבער די דאָזיגע בראָשורע איז געשריעבען געוואָרען פאַר אַלע קלאַסען פון אידישען פאָלק מיט'ן צוועק צו געבען זיי די נויטיגע פּאָליטישע אינפאָרמאַציע. בכן האָבען מיר זיך ענטשלאָסען אין די אינפאָרמאַטיווע טהיילען פון דער בראָשורע אויסצומיידען איטליכע פּאַרטייאישע בעלייכטונג פון דעם ענין, אַזוי אַז יעדער לעזער, אָהן אונטערשיעד פון פּאַרטיי, זאָל זיך קענען רוהיג בענוצען מיט די ידיעות, וואָס מיר ברענגען דאָ.

בלויז אין דעם נאָכוואָרט, וואו מיר פערבינדען די פראַגען פון אידישער עמאַנציפּאַציע מיט א וויטערער היסטאָרישער פּערספּעקטיווע, האָבען מיר זיך שוין ניט געקענט און ניט געטאָרט בעגעהן אָהן אונזערע סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע פּרינציפּען.*)

ב. באָרוכאָוו.

ניו יאָרק, מאַי 1916.

---

*) מחמת דער אייליגקייט פון'ם ענין, פערפיהר איך דאָ ניט קיין קאַמפּף געגען דער טראַדיציאָנעלער און ניט־אויסגעהאַלטענער אָרטאָגראַפיע פון'ם „בחור הזעצער“, וועלכער האָט סיסטעמאַטיש מבטל געוועזן די אָרטאָגראַפיע פון מיין מאַנוסקריפּט. איך נעהם אויף זיך, אַלזאָ, די פערענטוואָרטליכקייט פאַר דעם אינהאַלט פון דער בראָשורע, נאָר ניט פאַר איהר אויסלעגעכץ.

# אין קאַמפּף פאַר אידישע רעכט

.1

## רעכט און דער קאַמפּף פאַר רעכט.

די אידעען פון גערעכטיגקייט און רעכט בייטען זיך אינאיינעם מיט די פאָרמען פון דער געזעלשאַפט. ניטאָ קיין רעכט פאַר זיך, קיין „נאַטיר־ליכעס" און „אייביגעס" רעכט און קיין „לאָגישעס" רעכט, וואָס זיינע וואָרצלען זאָלען ליעגען אין דער „אייביגער נאַטור פונ'ם מענשען". די פאָרמען פון רעכט זיינען אַזוי פערשיעדענאַרטיג, ווי די פאָרמען פון מענש־ליכע אינטערעסען — ווייל איטליכעס רעכט האָט דעם איינציגען צוועק צו רעגולירען די בעציהונגען פון די מענשליכע אינטערעסען און אויסצוגלייכען די קאָנפליקטען פון מענשליכע אינטערעסען.

דאָרט, וואו מענשען הארמאָנירען איינער מיט'ן צווייטען אין זייערע אינטערעסען, ברויכט מען קיין רעכט ניט, ווייל דאָרט זיינען אַלע צופריעדען. אזוי לאנג, ווי לופט און זונען־ליכט איז פאר אַלעמען גענוג געווען, איז קיינעם ניט איינגעפאַלען צו פאָדערען אַ רעכט אויף לופט, אַ רעכט אויף ליכט, — די מענשליכע אינטערעסען בנוגע צו לופט און ליכט זיינען געווען הארמאָניש און ס'איז ניט פאָרגעקומען קיין אינטערעסען־קאָנפליקטען אין דעם פּרט. היינט אָבער, ווען די קוביק־פוטען לופט אין די וואוינונגען זיינען געוואָרען אַלץ קנאַפּער און קנאַפּער פאַר די פאָלקס־מאַסען, און די זונען־ליכט ווערט אַלץ מעהר פערשטעלט פון פיעלגאָרענדיגע הייזער, פונ'ם רויך און גאַסענשטויב, — ענטשטעהט שוין די פראגע פון עכט אויף לופט און רעכט אויף ליכט. אזוי האָט אויך אמאָל קיין רעדע ניט געקאָנט זיין פון רעכט אויף ערד, אויף גרונד און באָדען, אזוי לאנג ווי די מענשען האָבען נאָך ניט פערכאַפּט די ערד און ניט צוטיילט זי אין פריוואַטע נחלאות.

פון די אויביגע ביישפּיעלען זעהען מיר אָבער נאָך אַ צווייטע זייט פון רעכט: די פערווירקליכונג פון רעכט העגנט אָפּ פון די פאַקטישע מאכט־פערהעלטניסען. ווער ס'האָט מאכט — אין פאָרם פון מזומנ'ע געלט, — צו קריעגען גענוג פרישע לופט און ליכט, דער וועט דערגרייכען זיין רעכט אויף אָט די געגענשטאַנדען. קוים אָבער בעזיצט ער ניט די מאכט, איז אויך זיין רעכט וועניג וואָס ווערט אָדער גאָר ניט ווערט.

לאָמיר נעהמען נאָך אַ וויכטיגעס רעכט, וואָס איז בעזונדערס אינטע־

רעסאַנט פאַר אונזער ענין. לויט די מאָדערנע בעגריפען האָט איטליכער מענש אַ „נאַטירליכעס און אונפערלעצליכעס" רעכט צו זיין געזיכערט מיט זיין לעבען געגען יעדען אַטענטאַט מצד אַן אַנדער מענשען. אין פלוג, וואָס קאָן זיין נאָך נאַטירליכער, לאָגישער און הייליגער פאַר אַט דעם רעכט, וועלכעס איז אַפילו פּראָקלאַמירט געוואָרען אין די עשרת הדברות העכער דריי טויזענד יאָהר צוריק „לא תרצח"? די געשיכטע און די געגענוואַרט בעווייזען אָבער, אז דאָס הייליגע רעכט פון פערזענליכער אונבעריהרליכקייט הענגט לחלוטין אָפּ פון די אינטערעסען־קאָנפליקטען און פון די מאַכט־פער־העלטניסען.

געוועזען צייטען, און געדויערט האָבען זיי פיעלע טויזענטער יאָהרען נאָכאַנאַנד, ווען דאָס מענשליכע לעבען איז געלעגען אין רשות פון די געטער אָדער פון די הערשער. לויט'ן וואונש פון די געטער האָט מען זיי געמוזט ברענגען מענשליכע קרבנות. אויפ'ן קאַפּריז פון אַ געקרוינטען מענשען האָבען טויזענטער אַנדערע מענשען געמוזט פערניכטעט ווערען אין איין מינוט אָהן אַ פאַרוואָס. רייכע פּריצים פלעגען מיט'ן פלייש פון זייערע קנעכט האָדעווען זייערע געליעבטע הויז־חיות. היינט וואָלטען מיר געוואָרען אויפגעבראַכט: ס'אַראַ שרעקליכע רעכטלאָזיגקייט, ס'אַראַ באַרבאַריזם! נאָר אין יענע צייטען איז קיינעם ניט איינגעפאַלען צו זעהן אין דעם אַ פערברעכען געגען רעכט. פּשוט דערפאַר, ווייל דעמאָלט האָט נאָר דער הער־שער געמעגט האָבען אַנערקענטע אינטערעסען און דאָס לעבען פון זיינע שקלאַפען איז בעטראַכט געוואָרען אַלס זיין אינטערעס, און ניט אַלס זייער אינטערעס. די שקלאַפען אַליין האָבען געוואוסט, אַז אַזוי דאַרף עס זיין, זיי האָבען ניט פּראָטעסטירט געגען דעם.

ערשט דעמאָלט, ווען יעדע פערזאָן איז קלאָר געוואָרען, אַז איהר לעבען איז איהר פערזענליכער אינטערעס און ניט יענעמס, ניט דער געטש־קעס און ניט דעם הערשערס, האָט געקאָנט ענטשטעהן די מצוה „לא תרצח" און דאָס רעכט אויף אונפערלעצליכקייט פון פערזאָן. און זעהען מיר דען ניט, אַז אַפילו היינטיגע צייטען, קוים דערוועקט זיך אין דער רעגיערונג דער אינטערעס צו שאַפען זיך מיט'ן לעבען פון איהרע אונטערטאַנען, ווערט תיכף אָפּגעשאַפט דאָס רעכט אויף לעבען און מענשען ווערען געשיקט פער־ניכטען איינער דעם צווייטען? אין צייט פון מלחמה, פון גאַסען־אונרוהען, פון רעוואָלוציעס וועגט איבער דער אינטערעס פון שטאַאט די אינטערעסען פון יחיד, און עס ווערט אָפּגעשאַפט דאָס „נאַטירליכסטע, דאָס הייליגסטע" פון אַלע רעכט.

האָבען מיר, אַלזאָ, די פאָלגענדע אויספיהרונג בכח רעכט און רעכט־לאָזיגקייט:

א. דאָס רעכט איז אַזאַ געזעלשאַפטליכער אינסטיטוט און אַזאַ פאָרם פון בעוואוסטזיין, וועלכע האָבען דעם צוועק צו רעגולירען די קאָנפליקטען צווישען מענשליכע אינ־טערעסען.

ב. די פאָרמען פון רעכט זיינען אָפּהענגיג פון די פאָרמען, אין וועלכע די מענשליכע אינטערעסען קאָנען זיך צוזאַמענשטויסען. די פאָרמען און אידעען פון רעכט ענדערען זיך און ענט־וויקלען זיך צוזאַמען מיט דער ענטוויקלונג פון די מענשליכע אינטערעסען און פון די געזעל־שאַפטס־פאָרמען.

ג. די פערווירקליכונג פון איטליכען רעכט הענגט אָפּ פון דער מאַכט, וועלכע ס'בעזיצען די פעראינטערעסירטע צדדים.

ד. דאָס רעכט ווערט פערווירקליכט ניט דורך זיך אליין, נאָר דורך א קאַמפּף פון אינטערעסען און פון געזעלשאַפטליכע כחות, דורך דעם קאַמפּף פאַר רעכט. און די מעטאָדען פונ'ם קאַמפּף פאַר רעכט ענטוויקלען זיך צוזאַמען מיט דער ענטוויקלונג פון די געזעלשאַפטליכע און פּאָליטישע פאָרמען.

פאַראַן נאָך היינט צו טאָג אַזוינע לענדער, וואו ס'עקזיסטירט בכלל ניט קיין בעגריף פון מענשען־רעכט, ד. ה. פון רעכט, וואָס געהערען דעם מענשען, אַלס אַזעלכען, און טאָרען ניט פערלעצט ווערען. אַזוינע לענדער און שטאַאַטען, וואָס ווערען געוועהנליך גערופען „באַרבאַריש", ווערען רע־גיערט פון א געטליכען רעכט, פון א רעליגיעזען רעכט, פון א געוואוינהייטס־רעכט אָדער פונ'ם קאַפּריז פון די הערשער, נאָר קיין מענש פערמאָגט דאָרט ניט קיין שום געזעצליך־גאַראַנטירטע רעכט. אין אַזוינע לענדער עקזיס־טירען, פערקעהרט, פּריווילעגיעס, בעזונדערע הנחות פאַר געוויסע קלאַסען פון דער בעפעלקערונג, נאָר ס'איז ניטאָ קיין שום בעגריף פון גלייכהייט פאַר'ן געזעץ. אַזוינע לענדער זיינען, צום ביישפּיעל, אַביסיניען און מאַראָקאָ.

דאָרט, אויב א מענש מעג זיך פריי בעוועגען און קאָן זיך פיהלען מעהר־ווייניגער זיכער מיט זיין לעבען און אייגענטום, ווערט דאָס בעטראַכט ניט פאַר זיין אונבעריהרליכעס רעכט, וואָס געהערט צו איהם, אַלס מענשען און אַלס בירגער, נאָר פאַר א פּריווילעגיע, וואָס די געטליכע אָדער קייזער־ליכע מאַכט האָט איהם געגעבען צום אונטערשיעד פון אַנדערע מענשען.

אין אזוינע לענדער קאן מען ניט רעדען וועגען רעכטס-בעשרענקונגען, נאר בלויז וועגען פערפאלגונגען און אויסנאהמס-געזעצען. ס'קאן לייכט טרעפען, אז אין אזא לאנד זאלען דוקא די אידען קריגען געוויסע פריווילעגיעס אקעגען אנדערע גרופען פון דער בעפעלקערונג. נאר על פי רוב ווערען דארט די אידען אונטערגעווארפען די ערגסטע פערפאלגונגען און גזירות.

דאס איז געווען דער יסוד פון דער רעכטליכער לאגע פון די אידען אין מיטעלאלטער. פיעלע פון די מענשליכע רעכט, וואס מיר בעטראכטען לעת עתה אלס עפעס זעלבסטפערשטענדליכעס, ווי צ. ב., דאס רעכט אויף לעבען, איז אין מיטעלאלטער בעטראכט געווארען גאר אלס פריווילעגיע, און ווער ס'האט ניט געהאט די פריווילעגיע, יענעמס לעבען איז געווען הפקר לויט'ן דין. ווען די אידען פלעגען קומען אין א לאנד, פלעגען זיי זיך אויסווירקען פון דעם קעניג אדער פירסט א פריווילעגיע, וואו ס'איז בפירוש געזאגט געווארען, צווישען אנדערע זאכען, אז פאר דער ערמארדונג פון א אידען קומט א געוויסע מאס שטראף. די מענשען זיינען ניט געווען גלייך פאר'ן געזעץ, און זייער לעבען פלעגט זיך אויך אפשאצען ניט גלייך. פאר ערמארדען א פראסטען פויער האט געקומט א קליינע שטראף, פאר ערמארדען א פריץ איז אוועקגעלעגט געווארען א גרויזאמע שטראף. איז דאס, פערשטעהט זיך, בעטראכט געווארען פאר א גרויסער פריווילעגיע, ווען, צ. ב., די פוילישע הערשער האבען זיך פערפליכטעט פאר די אידען, אז דער מערדער פון א אידען וועט קריגען דיזעלביגע שטראף, ווי דער מערדער פון אן אדעליגען.

נאר דאס אלגעמיינע בילד פונ'ם אידישען לעבען אין מיטעלאלטער איז א בילד פון שטענדיגע פערפאלגונגען און גזירות. על פי רוב זיינען זיי געווען רעכטלאז אין פולען זינען פון ווארט, און די גאנצע האפנונג איז געווען אויף די פריווילעגירטע הערשער פון די אומות העולם, טאמער וועלען זיי געפינען פאר נויטיג איינצושטעלען זיך פאר'ן אידען. די אינטערעסען פון די אידען האבען ניט עקזיסטירט פאר'ן געזעץ, און זיי זיינען בעהאנדעלט געווארען ווי דאס אייגענטום פון דעם קעניג. די פינאנציעלע אינטערעסען פונ'ם קעניג זיינען געווען יענע מאכט, וואס האט דעם אידען געשיצט, דער וויכטיגסטער און אפטמאל דער איינציגער קוואל פון אידישע רעכט.

ווי געזאגט, הערשט נאך היינט־צו־טאג אזא צושטאנד אין מאראקא און אין אביסיניען. די דארטיגע אידען זיינען אבסאלוט רעכטלאז. כמעט דאסזעלביגע אויך אין אראביען און פערזיען.

נאר די פארמען פון די מענשליכע רעכט האבען זיך ענטוויקעלט צו־

זאמען מיט דער בירגערליכער געזעלשאפט און דורך דעם האט זיך אויך געמוזט ענדערען די רעכטליכע לאגע פון די אידען. אין דער נייער צייט האבען זיך נייע רעכט־פרינציפען דורכגעשלאגען א וועג אין דער געזעצגעבונג פון איירָאפּא און אמעריקא, און צוזאמען מיט זיי האט געמוזט פריהער אדער שפּעטער קומען אויך די ענדערונג אין דער רעכטליכער לאגע פון די אידען.

אויב דער רעכטליכער יסוד פונ'ם מיטעלאלטער איז בעשטאנען אין פּריווילעגיעס און הנחות, האט די מאָדערנע רעכטס־אָרדנונג פּראָקלאמירט אלס איהר יסוד די גלייכהייט פון אלע מענשען און ספּעציעל פון אלע בירגער פאר דעם געזעץ פון לאנד. זינט די אמעריקאנער „דעקלאריישאָן אָוו אינ־דעפּענדענס" און די פראנצויזישע „דעקלאראציע פון די רעכט פונ'ם מענשען און בירגער" האבען אנגעקינדיגט אט דעם נייעם פרינציפּ, איז די רעכטלאזע לאגע פון די אידען געקומען אין ווידערשפּרוך מיט די נייע בירגערליכע אינטערעסען און מאכט־פערהעלטניסען אינ'ם שטאאט, און ס'איז דערפון ענטשטאנען דער קאמפּף פאר אידישע רעכט.

אידען און ניט־אידען האבען זיך בעטייליגט אין דעם קאמפּף, און ניט נאר זיינען געשטאנען אידען, פאָדערענדיג זייער רעכט, געגען די אויסער־ליכע כחות פון דער רעאקציע, נאר שטענדיג איז אויך געוועזען א טייל ניט־אידען, וואס האבען געשטיצט דעם אידישען קאמפּף, און א טייל אידען, פון דער אנדער זייט, וואס שטערען מיט אלע כחות דעם אידישען קאמפּף פאר רעכט.

היות אז רעכט ווערט פערווירקליכט דורך מאכט, הייסט דאס אז רעכט־לאזיגקייט בעדייט מאכטלאזיגקייט. אין מיטעלאלטער זיינען די אידען געוועזען אבסאָלוט מאכטלאז, האבען ניט געהאט קיין דירעקטען איינפלוס אויף די געזעלשאפטליכע כחות, און אין זייער קאמפּף פאר די אדער אנדערע פּריווילעגיעס, געגען די אדער אנדערע גזירות, האבען זיך די אידען ניט געקאנט בענוצען מיט קיין שום אנדער מיטעל, חוץ שתדלנות ביי די מעכטיגע פון דער ערד. אין דער נייער צייט האבען זיך געמוזט ענדערען אויך די מעטאָדען פון אידישען קאמפּף פאר רעכט. דעם פּלאץ פון שתדלנות האט געמוזט פערנעהמען דער פּאָליטישער קאמפּף, וועלכער בענוצט דעם דירעקטען איינפלוס פון די אידען אויף די אינטערעסען פון די פערשיעדענע קלאסען אין דער געזעלשאפט.

דער ערשטער און נאָהענטסטער צוועק פונ'ם אידישען רעכטס־קאמפּף איז געוועזען די בירגערליכע עמאנציפּאציע, ד. ה. די דער־גרייכונג פון גלייכע פּערזענליכע און בירגערליכע רעכט. דער צוועק פונ'ם

קאַמפּף איז אַלזאָ געווען, אז דער אַלגעמיינער גרויסער פּרינציפּ פון דעם היינטיגען רעכט, — די גלייכהייט פון אַלע בירגער פאַר דעם געזעץ, — זאָל אויך אָנגעווענדעט ווערען צו די אידען, עס זאָלען אָפּגעשאַפט ווערען אַלע רעשטען פון דער אַמאָליגער רעכטלאָזיגקייט, ד. ה. די אויסנאַהמס-געזעצען געגען אידען.

און נאָך דעם, ווי די אידען האָבען אין זייער שטרעבען צו ליכט און פרייהייט שוין גובר געווען די אויסערליכע און אינערליכע מניעות, ווען די אידען האָבען שוין געקראָגען צוגעזאָגט פולע רעכט, — ערשט דאַן הויבט זיך אָן אַ נייע סדרה פון קאַמפּף פאַר רעכט. שטיק נאָך שטיק קומט אויס אַרויסצורייסען ביי די הערשער די פערווירקליכונג פון דער צוגעזאָגטער גלייכבערעכטיגונג; און ווי אָפט טרעפט עס, אַז דער צוזאָג ווערט בטול ומבוטל, און די אידען פערבלייבען פאַריער! און טאָמער זיינען שוין אַלע רעכטס-בעשרענקונגען אָפּגעשאַפט געוואָרען אין געזעץ, איז דערמיט נאָך אויך דער קאַמפּף וייט-ווייט ניט פערענדיגט. דאָ דאַרף מען ערשט זאָרגען, אַז דאָס געזעץ זאָל ווירקליך אָפּגעהיט ווערען, זאָל ניט אויסגעטייטשט ווערען געגען די אידישע רעכט, ס'זאָלען ניט אריינגעבראַכט ווערען נייע געפעהרליכע דריידלעך און אינטערפּרעטאַציעס.

לאָמיר זשע זיך בעקענען מיט דער ערשטער גרויסער סטאַדיע פון אָט דעם שווערען היסטאָרישען פּראָצעס — מיט דער געשיכטע פון'ם קאַמפּף פאַר בירגערליכער עמאַנסיפּאַציע.

## 2.

## די געשיכטע פון אידישער עמאַנסיפּאַציע אין מערב-אייראָפּאַ.

די געשיכטע ווייסט ניט פון קיינע צופאַלען. עס איז ניט געווען אַ צופאַל, וואָס דוקא פונ'ם סוף 18טען יאָהרהונדערט האָט זיך פלוצלונג פאַר דער וועלט און זאָגאַר פאַר אידען זעלבסט אויפגעהויבען אין עקשנות'דיג אוועקגעשטעלט די פראַגע וועגען אידישער עמאַנסיפּאַציע. צוויי טויזענד יאָהר כמעט זיינען אידען אין אַלע לענדער און מלוכות געווען רעכטלאָז, אומעטום און שטענדיג ג'רודפ'ט, און קיינמאָל ביז דער דאָזיגער צייט איז ניט געמאַכט געוואָרען קיין פערזוך צו בעפרייען די אידען און געבען זיי גלייכבערעכטיגונג.

דער געדאַנק פון בירגערליכער אידישער עמנאַסיפּאַציע איז אויסגע-וואַקסען צוזאַמען מיט דעם מאָדערנעם רעכטליכען שטאַאט און מיט דער

מאָדערנער קאפּיטאַליסטישער אָרדנונג. עס איז אַ נאַטירליכע נויטיגע פער־בינדונג צווישען דער אַלגעמיינע רעפּאָליטישער פרייהייט און דער אידישער גלייכבערעכטיגונג. אין דער אַלטער פעאָדאַל־מאָנארכיסטישער אָרדנונג, וואו איטליכעס רעכט האָט באַזירט אויף פּריווילעגיעס, איז ניט געווען קיין פּלאַץ פאַר דער אידעע פון גלייכבערעכטיגונג.

דאָס אַלטע טראַדיציאָנעלע יודענטום פון „געטאָ“ האָט ניט געפיהלט קיין בעדערפניש אין בירגערליכער און פּאָליטישער עמאַנסיפּאַציע, נאָר בלויז אין פּריווילעגיעס, הנחות, אין אַ פרייער זעלבסט־פערוואַלטונג פון דער קהלה וכדומה. און דאָס אַלטע יודענטום איז אַפילו נאָך אין 19טען יאָהר־הונדערט ערטערווייז אַליין ארויסגעטראָטען געגען גלייכבערעכטיגונג, פאַר וועלכער עס האָט געדאַרפט בעצאָהלען מיט אויפגעבען די טראַדיציאָנעלע יסודות פון זיין לעבען.

ביז׳ן סוף 18טען יאָהרהונדערט האָבען אידען, אַלס אַן אייגענאַרטיגער סאָציאַל־עקאָנאָמישער און נאַציאָנאַל־קולטורעלער קבוץ, געבילדעט אַ זעלבסטשטענדיגען געזעלשאַפטליכען אָרגאניזם. די נייע קאַפּיטאַליסטישע ענטוויקלונג איז אַריינגעדרונגען הינטער די ווענד פון „געטאָ“ און האָט קודם כל בעריהרט די אינטערעסען פון די העכערע און טיילוויז מיטעלע קלאַסען פון דער אידישער בעפעלקערונג. די דאָזיגע עלעמענטען און דערנאָך דער גאַנצער אידישען קבוץ, אויף וויפיעל ער האָט געמוזט זיך צופּאַסען צו די נייע סאָציאַלע אומשטענדען, האָבען דערפיהלט אַ נייע שאַרפע בעדערפניש אין בירגערליכע גלייכבערעכטיגונג.

דער מאָדערנער בעפרייטער רעכטליכער שטאַאַט מיט רעכטלאָזע, גע־בונדענע און גע׳רודפ׳טע אידען, איז געווען אַ לאָגישער ווידערשפּרוך, אַ סאָציאַלער אַבסורד, אַן עקאָנאָמישע שטערונג. און די, וועלכע טרעטען אין דער געשיכטע אַרויס אַלס קעמפער פאַר דעם בעפרייטען שטאַאַט, טרעטען אויך אַרויס, אויס פּרינציפּ, אַלס קעמפער פאַר אידישער עמאַנסיפּאַציע. די בעסטע רעוואָלוציאָנערע און דעמאָקראַטישע כחות פון איירָאָפּאַ האָבען געפיהרט אַ קאַמף פאַר אידישע רעכט, אַרויס־געהענדיג בלויז פון די אַבסטראַקטע פרייהייטס־פּרינציפּען און ניט פון אַ ספּעציעלער סימפּאַטיע צו אידען אָדער פון אינטערעס צו אַ פעסטען נאַ־ציאָנאַלען אידישען קיום. דער בעוואוסטער קעמפער פון דער גרויסער פראַנ־צויזישער רעוואָלוציע, ראָבעספּיער, האָט די דאָזיגע שטעלונג אויס־געדריקט אין דער פראַנצויזישער „נאַציאָנאַלער פערזאַמלונג“: „איך רעכען, האָט ער געזאָגט, אַז מען טאָר ביי קיין אינדיווידואום ניט אַוועקנעהמען יענע הייליגע רעכט, וועלכע דער נאָמען מענש גיט איהם. די אידען־

פ ר א ג ע א י ז א ן א ל ג ע מ י י נ ע פ ר א ג ע, מ ע ן ד א ר ף ז י ל ע ז ע ן א י ן פ ר י נ צ י פ".

אידישע גלייכבערעכטיגונג אלס א פרייהייטס־פ ר י נ צ י פ, אלס א דעמאקראטישער פאסטולאט, איז צום ערשטען מאל דורכגעפיהרט געווארען אין א מ ע ר י ק א, אין די פעראייניגטע שטאאטען, וואו די „דעקלאראציע פון אונאבהענגיגקייט" פון יאהר 1776 האט פראקלאמירט, אז „קיין מענש קען ניט בערויבט ווערען פון זיינע בירגערליכע רעכט און טאר ניט ווערען אונטערדריקט פאר זיינע רעליגיעזע איבערצייגונגען". דאס איז געווען דער א י י נ צ י ג ע ר פאל, ווען אידען זיינען עמאנסיפירט געווען נאר אויפ'ן סמך פונ'ם רייגעם דעמאקראטישען פרינציפ אהן קיין שום ספעציעלע אנשטרענגונג. אומעטום אבער אין אייראפא — אין דער פראנצויזישער „דעקלאראציע פון רעכט", ווי אויך אין די גרונד־בעשטימונגען פון אנדערע אייראפעאישע קאנסטיטוציעס — זיינען די דעמאקראטישע פרינציפען ערשט נ א ך א ל א נ ג ע ן א ו ן ב י ט ע ר ע ן ק א מ פ ף פערוואנדעלט געווארען פון אבסטראקטע שטומע דעקלאראציעס אין פראקטישע נארמען פון אידישער גלייכבערעכטיגט און דורכגעפיהרט געווארען אין לעבען.

די עמאנסיפאציע האט זיך ניט גלאט אראבגעגליטשט פון די הענד פון די רעגיערונגען אדער אפילו פון די רעוואלוציאנערע אינסטיטוציעס, אלס א מתנה פאר אידען. די רעאקציאנערע כחות אין דער מלוכה, וועלכע האבען בכלל געשטרעבט צו פערשטאפען דעם קוואל פון נייע גדראנקען און פאליטישע רעפארמען, זיינען בעזונדערס שארף און ענטשלאסען ארויסגעטראטען געגען דעם אפשאפען פון אידישע רעכטלאזיגקייט. די אידישע רעכטלאזיגקייט איז פאר זיי געווען דער סימבאל פון דער טייערער אלטער פעאדאלער ארדנונג. און די געגנער פון דער אלטער שטאאטס־ארדנונג, דאס הייסט די נייע פראגרעסיווע אייראפא, האבען געמוזט קעמפפען פאר דער אידישער עמאנסיפאציע.

אבער עס וואלט געווען א טעות צו מיינען, אז אידען האבען מיט צוזאמענגעלעגטע הענד שטיל געווארט אויף דער מתנה און האבען אליין גאר ניט געטהאן. ווי געזאגט, איז בלויז אין די פעראייניגטע שטאאטען פון אמעריקא די „מתנה" געקומען אהן קאמף. אין אלע אנדערע לענדער כמעט האבען אידען א טיכטיגען אנטייל גענומען אין דעם קאמף און זיינען ניט זעלטען געשטאנען הינטער יענע „חסידי אומות העולם", וועלכע האבען אין די פארלאמענטען און אין דער פרעסע געשטורעמט אויס דעמאקראטישע מאטיווען פאר אידישער עמאנסיפאציע.

די אידישע אנפיהרער פונ'ם קאמף פאר רעכט פלעגען די ערשטע צייט

אָנקומען צו די מיטעלאַלטערליכע מיטלען פון שתדלנות, אָדער זיי פלעגען זיך מיהען צו בעוויזען מיט פּאַטריאָטישע קרבנות, אז זיי פערדיענען גלייכבערעכטיגונג. נאָר מיט דער צייט האָבען זיי געקראָגען מעהר מוט און האָבען אָנגעווענדט מאָדערנע פּאָליטישע מיטלען: פּאַמפלעטען, פּעטיציעס, פּראָטעסט־פערזאַמלונג און תביעות צו אינטערנאַציאָנאַלע פּאָליטישע קאָנפערענצען.

אָבער חוץ די דאָזיגע דירעקטע פּאָליטישע מיטלען אויסציקעמפען רעכט און חוץ די אָפט בענוצטע מיטלען אויסצובעטען ביי די רעגיערונגען אייניגע קאַטעגאָריעס רעכט און הנחות, האָט די אידישע געזעלשאַפט אינדירעקט געשאַפען דעם שטאַרקסטען און ווירקזאַמסטען ארגומענט פאר אידישער גלייכבערעכטיגונג. אידען, וועלכע זיינען אין „געטאָ" געווען פריי פון מיליטער־דינסט, האָבען יעצט אויף זיך גערן גענומען די מיליטער־פליכט. אידען, וועלכע האָבען אין דער גאַנצער צייט פון גלות ניט געוואוסט פון אַקטיווען אַנטייל אין די אייראָפּעאישע מלחמות, זיינען יעצט פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע אָן אריינגעטראָטען אין די קריעגס־ארמעען, האָבען מיט נאַפּאָלעאָנען דורכגעמאַכט זיין ריעזיגען סטראַטעגישען מאַרש און פון דאַן אָן געוואָרען א טייל פון אַלע אייראָפּעאישע ארמעען. אידען, וועלכע זיינען צוויי טויזענד יאָהר געשטאַנען ווייט און פרעמד פון דעם אַלגעמיינעם פּאָליטישען לעבען פון אייראָפּא, האָבען יעצט גענומען א טיכטיגען אַנטייל אין אַלע אייראָפּעאישע רעוואָלוציעס און פרייהייטס אגיטאַציע. אידען האָבען ניט נאָר זייער בלוט מקריב געווען, נאָר זיי זיינען פאר עמאַנסיפּאַציע געווען גרייט צו צאָהלען מיט'ן גרעסטען פרייז, וואָס א פאָלק קען צאָהלען — מיט דער נאַציאָנאַלער אינדיווידואַליטעט, מיט אָפּווישען די גייסטיגע פיזיאָנאָמיע פון דעם עלטסטען היסטאָרישען פאָלק. די אידעאָלאָגיע פון די אידישע עמאַנסיפּאַציאָנס־קעמפּפער האָט געטראָגען א שאַרף אויסגעשפּראָכענעם אוטיליטאַרישען כאַראַקטער, און זיי האָבען זיך פון גאַנצען הארצען געריסען צו בעצאָהלען מיט פּאָלקאָמער אַסימילאַציע פאר די גלייכע רעכט. דאָס האָבען פון זיי געפאָדערט ניט נאָר די שונאים און די רעגיערונגען, נאָר נאָך מעהר די „חסידי אומות העולם", די פריינד זייערע.

אויף דער היסטאָרישער זיצונג פון דער פראַנצויזישער „נאַציאָנאַלער פערזאַמלונג", אין דעצעמבער 1789, האָט איינער פון די אָנגעזעהענסטע רעוואָלוציאָנערע טהוער, דער אידען־פריינד קלערמאָן־טאָנער, וועלכער האָט געפאָדערט עמאַנסיפּאַציע פאר אידען, אזוי פאָרמולירט די פאָדערונג פון די אידען צו דער וועלט, אָבער אויך די פאָדערונג פון דער וועלט

צו די אידען: „אידען אַלס אַ נאַציע דאַרפען מיר אָפּזאָגען אין אַלצדינג, אידען אָבער אַלס מענשען דאַרפען מיר געבען אַלעס... ווייל עס קאָן ניט זיין קיין נאַציע אין אַ נאַציע“. און אידען זיינען געווען העכסט צופרידען מיט דער דאָזיגער פאָרמולירונג. שפּעטער האָט אויך נאַפּאָלעאָן געפאָדערט אין יאָהר 1807 פונ׳ם „סנהדרין“, וואָס ער האָט געהייסען צונויפרופען, אַז די אידישע פאָרשטעהער זאָלען זיך אָפּען אָפּזאָגען פון זייער נאַציאָנאַלער אינדיווידואַליטעט און דערפאַר בעקומען זיי דאָס רעכט צו רעכענען זיך פאַר פראַנצויזישע בירגער — און די אידישע פאָר־שטעהער האָבען מיט בעגייסטערונג געפאָלגט נאַפּאָלעאָן׳ס וואונש. דאָס זעלבע איז געווען אין די פאַרלאַמענטען פון אַלע לענדער, ווען די אידען־פראַגע איז געשטעלט געוואָרען. די אידישע בורזשואַזיע האָט די גאַנצע אידישע עקזיסטענץ אָנגעהאַנגען אויסשליסליך אויפ׳ן רעליגיעזען מאָמענט, און די אידישע רעליגיע האָט מען אויך רעפאָרמירט און פער־שלייערט אין סינאַגאָגאַל־קירכישע שלייערען, אַרויסגענומען פון איהר די אַלטע צאַפּעלדיגע אידישע נשמה.

דאָס אייראָפּעאישע אידענטום האָט אונטער יעדען פּרייז געזוכט אַ פאָטערלאַנד צו בעקומען, און די עמאַנסיפּאַציע איז געווען דער אַריינטריטס־בילעט אינ׳ם פאָטערלאַנד. דער פּרייז פון דער איינטריטס־קאַרטע איז גע־ווען: אסימילאַציע. דער איד גבריאל ריססער, איינער פון די ענערגישסטע קעמפּפער פאַר אידישער עמאַנסיפּאַציע אין דייטשלאַנד, האָט אָפען געשריבען: „מיר ווילען געהערען צו דעם דייטשען פאָטערלאַנד“; „אַלעס וואָס קלינגט דייטשיש פילט אָן אונזער נשמה מיט בעגייסטערונג“. דער בעוואוסטער בערנע האָט דעם געפיהל אויסגעדריקט אין פאָלגענדע כאַראַקטעריסטישע ווערטער: „דוקא ווייל איך אַלס אַ איד בין געבוירען געוואָרען אַ שקלאַף — קען איך די פרייהייט שעצען מעהר פון אייך. דוקא ווייל איך בין ניט געבוירען געוואָרען אין קיין פאָטערלאַנד — שטרעב איך צו אַ פאָטערלאַנד פייערדיגער פאַר אייך“. ווען אין אָנהויב פון די 40־ער יאָהרען האָט דער פּרייסישער קייזער געפּלאַנעוועט אָפּנעהמען ביי אידען דאָס רעכט צו דינען אין דער אַרמעע, האָט זיך צווישען די דייטשע אידען אויפגעהויבען אַ שטורם פון פּאַטריאָטישע פּראָטעסטען. לודוויג פיליפּזאָן, דער בעוואוסטער אידישער געלערנטער און כלל־טוער, האָט אָרגאַניזירט אַ פּעטיציע צום קייזער, אונטערגעשריבען פון 84 אידישע געמיינדעס, וועלכע לויטעט: „מיר וואָלטען אויפגעהערט צו זיין אמת׳ע פּרייסען, אויב מען וואָלט אונז פערוועהרט צו ערפילען די הייליגסטע פליכט אַנטייל צו נעהמען אין דער אַרמעע“. די איטאַליענישע אידען האָבען דעם

פאטריאטישען געפיהל, מיט וועלכען זיי האבען געצאהלט פאר עמאנסיפאציע, אויסגעדריקט נאך אפענער: אין יאהר 1870 האט די אידישע קהלה אין רוים בעגריסט דעם איטאליענישען קיניג וויקטאר־עמאנואל, בשעת דער לעצטער האט איינגענומען רוים און געגעבען די דארטיגע אידען גלייכ־בערעכטיגונג, מיט אן אדרעס, וואס פאנגט זיך אן בזה הלשון: „מיר זאגען ארויס יעצט צום לעצטען מאל דעם נאמען איד. אין דעם מאמענט, ווען מיר געהען אריבער צו דעם היילינגען צושטאנד פון ביר־גערליכער גלייכהייט — איז דאס דער חוב פון אונזער דאנקבארקייט צום פאטערלאנד“.

בעהאנדלענדיג די פראגע טאר מען דערביי ניט פערלירען די היסטא־רישע פערספעקטיווע און ניט מעסטען מיט אונזערע מאדערנע בעגריפען די געפיהלען און האנדלונגען פון יענער צייט. עמאנסיפאציע איז געווען דער נויטיגסטער אינטערעס פון דער אידישער עקזיסטענץ, און ביי יענע היסטא־רישע אומשטענדען האבען אפילו די בעסטע און שטאלצסטע פרייהייטס־קעמפער ניט געקאנט רעדען קיין אנדער שפראך, ווי דער לשון פון יענער עפאכע.

אין פראנקרייך אין דער צייט פון דער רעוואלוציע האבען געארבייט פאר אידישער עמאנסיפאציע בער־יצחק־בער און סערף־בער, די אנגעזעהענסטע פארשטעהער פון די פראנצויזישע אידען; פריהער דורך שתדלנות, דורך „דיפלאמאטישע“ אונטערהאנדלונגען; נאכהער, מיט'ן וואוקס פון דער רעוואלוציע — דורך פעטיציעס און דעפוטאציעס און דורך ארגאניזירען די ניט־אידישע געזעלשאפטליכע מיינונג. אין דייטשלאנד האט געארבייט פאר עמאנסיפאציע מיט פיעל שטילערע וועגען מענדעלסאהן'ס תלמיד דוד פרידלענדער. שפעטער, ווען אין די 30ער און 40ער יאהרען איז דער רעוואלוציאנערער גייסט ווידער שטארקער געווארען אין אייראפא, איז אויפ'ן ארט פון שטילע שתדלנים און אפאלאגעטען אויסגע־וואקסען א טיפ פון אן ענערגישען קעמפפער פאר אידישע רעכט. די שעהנסטע פערטרעטער פון אט דעם טיפ זיינען: גבריאל ריססער, אין דייטשלאנד, וועלכער האט געגרינדעט צו דעם צוועק א ספעציעלע צייטונג, „דער יודע“; שפעטער איז ריססער געווארען דער וויצע־פרעזידענט פונ'ם נאציאנאל־דייטשען פארלאמענט אין פראנקפורט (1848 יאהר); דער גע־לערנטער און פובליציסט לודוויג פיליפזאן; דער רעוואלוציא־נערער יאקאבי; דער עסטרייכישער רעוואלוציאנער איגנאץ קו־ראנדא, וועלכער האט אין עסטרייך געשפיעלט אן עהנליכע ראלע, ווי אלעקסאנדער הערצען אין רוסלאנד, און האט ארויסגעגעבען אין אויסלאנד

א ניט־לעגאַלע צייטשריפט „גרענצבאָטען“. אין ענגלאַנד האָט אונגעפעהר צו יענער צייט געפיהרט א קאמף פאר אידישע רעכט פ. ג אָ ל ד ס מ י ט אויף גאַר א נייעם — „ענגלישען“, פאַרלאַמענטאַרישען שטייגער.

די אידישע טוער פלעגען זיך ניט זעלטען ווענדען נאָך הילף צו א י נ־ט ע ר נ א צ י אָ נ א ל ע ד י פּ ל אָ מ א ט י ש ע א י נ ס ט י ט ו צ י ע ס, ווען היימישע שתדלנות פלעגט ניט העלפען. זיי האָבען אָנגעקלאַפּט אין די טהירען פון אייראָפּעאישע קאָנגרעסען און קאָנפערענצען. אויף דעם ראַט־שטאַדטער קאָנגרעס אין 1798, אויף דער רעגענסבורגער קאָנפערענץ פון די דייטשע מלוכות אין יאָהר 1801 פּרובען אידען זוכען דורך פּעטיציעס אויפ־צוהויבען די פראַגע פון זייער עמאַנסיפּאַציע. א דאַנק דער אידישער בעמי־הונג איז די אידען־פראַגע בעהאַנדעלט געוואָרען אויף דעם וויענער קאָנגרעס אין יאָהר 1815 און מיט פיעלע יאָהרען שפּעטער אין 1878 אויפ׳ן בערלינער קאָנגרעס.

אין זייער קאַמף האָבען די אידען פיעל שטיצע געקראָגען פון ניט־אידישע גדולים און פּאָליטיקער. אין פראַנקרייך, למשל, אין צייט פון דער רעוואָלוציע — דער „רויטער פּאַטער“ ג ר ע ג ו א ר, דער פריי־הייטס־קעמפּפער ד אָ ם, דער בעוואוסטער מ י ר א ב אָ, טיילווייז ר אָ ב ע ס פּ י ע ר. אויפ׳ן וויענער קאָנגרעס האָט פאַר זיי זיך משתדל געווען ו ו י ל ה ע ל ם ה ו מ־ב אָ ל ט. אין ענגלאַנד אין די 30טע און 40טע יאָהרען — מ א ק אָ ל ע י, אָ׳ק אָ נ ע ל, שפּעטער ג ל א ד ס ט אָ ן.

די אידישע עמאַנסיפּאַציע האָט איבערגעלעבט צוזאַמען מיט דער איי־ראָפּעאישער געזעלשאַפט אַלע פעריאָדען פון פּאָליטישער אויפלעבונג און רעאַקציע. די ענטוויקלונג פון דער בירגערליכער עמאַנסיפּאַציע קען אין אַלגעמיין איינגעטיילט ווערען אין דריי פעריאָדען.

פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע אָן (יאָהר 1789) ביז דעם וויענער קאָנגרעס (1815) ציהט זיך די ע ר ש ט ע עפּאָכע*). אידען האָבען דאַן בעקומען בירגעררעכט אין פראַנקרייך — אין יאָהר 1791, און אונטער דער ווירקונג פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָנערער אַרמעע זיינען אידען עמאַנסיפּירט געוואָרען אויך אין בעלגיען, האָלאַנד (1796), טיילווייז אין

*) מיר רעכענען דאָ, פערשטעהט זיך, ניט די עמאַנסיפּאַציאָנס־אַקטען פאַר די אידען אין די ענגלישע קאָלאָניעס פון אַמעריקאַ (1740 יאָהר) און אין די פעראייניגטע שטאַאַטען (1776 יאָהר), ווייל אמעריקא געהערט בכלל ניט צו אונזער ענין (הגם דער ערשטער פון די אַקטען איז אָנגענומען געוואָרען אינ׳ם ענגלישען פּאַרלאַמענט).

איטאַציען און דייטשלאַנד. אפילו נאַפּאָלעאָן, וועלכער איז ניט געווען קיין גרויסער אוהב ישראל, האָט אומעטום, וואו ער האָט דערגרייכט, פּראָקלאַמירט די אידישע עמאַנסיפּאַציע. אונטער דער ווירקונג פון די פראַנצויזישע אידען האָט אויך דייטשלאַנד (פּרייסען) ארויסגעגעבען אין יאָהר 1812 איהר „יודענ־עדיקט“, אז אידען זיינען כמעט גלייכבערעכטיגטע בירגער פון לאַנד.

פון דעם וויענער קאָנגרעס אָן, וואָס האָט ליקווידירט די ירושות פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און ארייגעטריבען אייראָפּא אין א לאַנגער און טיעפער רעאַקציע, ביז דעם רעוואָלוציאָנערען שטורמישען יאָהר 1848 איז די צווייטע עפּאָכע אין דער ענטוויקלונג פון אידישער עמאַנ־סיפּאַציע. די רעאַקציע האָט אין פיעלע ערטער — אין אַלע דייטשע מלוכות און אין איטאַליען — צוריק אָפּגענומען ביי אידען די רעכט, וועלכע דער פריגער פעריאָד האָט זיי געשאָנקען. נאָר אין פראַנקרייך איז די עמאַנסיפּאַציע פערבליבען, און אין יאָהר 1834 זעהען מיר דעם ערשטען אידען אין אייראָפּא אין פראַנצויזישען פּאַרלאַמענט. אויך אין ענגלאַנד האָבען אידען אין דעם פעריאָד פאַקטיש בעקומען גלייכע פערזענליכע רעכט, הגם נאָך ניט קיין בירגערליך־פּאָליטישע.

פון די רעוואָלוציעס פון 1848 יאָהר פאַנגט זיך אָן די דריטע עפּאָכע פון עמאַנסיפּאַציאָן, ווען אינ'ם משך פון 20 יאָהר און אין אייניגע ערטער נאָך לענגער האָבען אידען אומעטום אין מערב אייראָפּא בע־קומען פולע פערזענליכע און בירגערליכע גלייכ־בערעכטיגונג. אָבער דאָס איז ניט מיט א מאָל און ניט גרינג אָנגע־קומען. די רעוואָלוציאָנערע פּאַרלאַמענטען פון יאָהר 1848 האָבען דעקלאַרירט די אידישע עמאַנסיפּאַציע אין אַלע מלוכות פון דייטשלאַנד. אין עסטרייך און איטאַליען, נאָר אומעטום, ווען זיי רעאַקציע איז צוריק אריין אין זאָטעל, האָט זי די אידישע רעכט גלייך אָפּגעשאַפט. אין ערשט נאָך פיעל מיה האָבען אידען בעקומען עמאַנסיפּאַציע — אין דייטשלאַנד אין יאָהר 1869 (אין אייניגע דייטשע מלוכות ערשט אין יאָהר 1871); אין עסטרייך און אונגאַרן — אין 1867; אין איטאַליען נאָך דער בעפרייאונג פון לאַנד, אין 1860 ביז 1870 יאָהר; אין דענעמאַרק — פיעל פריהער — אין יאָהר 1849; אין נאָרוועגיען — 1851. אין ענגלאַנד איז 30 יאָהר אָנגעגאַנגען א קאמף פאר אידישע פּאָליטישע רעכט אין פּאַרלאַמענט ביז אין 1860 האָט דער פּאַרלאַמענט אָבגעשאַפט די אַלטע קריסטליכע פאָרמולע פון דעפּוטאַטס־שבועה און די עמאַנסיפּאַציע איז פאָלקאָם דורכגעפיהרט געוואָרען. אין דער שווייץ האָבען אידען נאָך א שווערען קאמף בעקומען גלייכבערעכטיגונג מיט דער קאָנסטיטוציע פון 1874; אין שפּאַניע — מיט דער קאָנסטיטוציע פון 1876;

אין די באַלקאַנישע מלוכות — אין סערביע, בולגאריע און מאָנטענעגראָ — לויט דעם בעשלום פונ'ם בערלינער קאָנגרעס אין 1878; אין גריכענלאנד נאָך פריהער. אין פּאָרטוגאל האָבען אידען בעקומען רעכט ערשט נאָך דער רעוואָלוציע פון יאָהר 1910. דאָס איינציגע לאנד אין מערב איירָאפּא, וועלכע האָט ביז יעצט אָפּיציעל ניט פּראָקלאמירט אידישע גלייכבערעכטיגונג, איז שוועדען. אידען זיינען דאָרט פאקטיש גלייכבערעכטיגט אַלס בירגער, דאָך האָבען זיי קיין רעכט ניט ערוועהלט צו ווערען אין שטאאטס־ראט.

.3

## דער קאַמפּף פאַר אידישע רעכט אין מזרח־איירָאפּא.

אויך אין די קלאסישע לענדער פון אידישער רעכטלאָזיגקייט, אין רוסלאנד (פּוילען און פינלאנד איינגערעכענט) און רומעניען, ווערט געפיהרט אַ קאמפּף פאַר אידישע רעכט, נאָר ביז'ן היינטיגען טאָג האָט דער קאמפּף ניט געבראכט צו קיין שום פּאָזיטיווע רעזולטאטען.

א. פּוילען. ניט לאנג פאר דער צווייטער צוטיילונג פון פוילען (אין 1793 יאָהר) האָט זיך דאָס פוילישע פאָלק געהאט אויפגעכאפּט צו אַ ראַדיקאַלער ענדערונג און בענייאונג פון זיין פאנאנדערגעשאָקעלטען פּאָליטישען אָרגאניזם. די בעסטע פוילישע פאטריאָטען און הומאניסטען, ווי טשאצקי, בוטרימאָוויטש און אנד., האָבען זיך געמיהט צו פערשפּרייטען אַ גערעכטען קוק אויף דער אידען־פראגע, כדי דער סיים זאָל זי בעטראכטען און געבען איהר אַ ראַדיקאַלע לעזונג, אויפ'ן יסוד פון גלייכע בירגערליכע רעכט און אַסימילאציע. זייער אַגיטאציע פאר אידען־רעכט האָט געפיהרט דערצו, וואָס דער פוילישער סיים האָט דעם 22 יולי 1790 בעשטימט אַ ספּעציעלע קאָמיסיע צו בעטראכטען די רעכטליכע לאַגע פון די אידען. נאָר קיין ווייטערע רעזולטאטען האָט דאָס ניט געהאט, און די פייערליך־ליבעראַלע קאָנסטיטוציע פון 3 מאי 1791 האָט מיט קיין איינציג וואָרט ניט אָנגעריהרט די אידישע רעכטלאָזיגקייט. די אידען, פון זייער זייט, האָבען זיך געמיהט צו פערדיענען די עמאנסיפּאציע דורך דעם, וואָס זיי האָבען גענומען אַן ענערגיש'ען אַנטייל אין דעם לעצטען קאמפּף פון אונאבהענגיגען פוילען: בערעק יאָסעלאָוויטש מיט זיין חיל און אַנדערע אידישע רעוואָלוציאָנס־העלדען. נאָר די טעג פון אונאָפּהענגיגען פוילען זיינען שוין געווען געצעהלטע, און די קאָנסטיטוציע האָט קיין קיום ניט געהאט. צוזאמען מיט'ן

אונאפהענגיגען פוילען זיינען חרוב געווארען די ערשטע האפנונגען אויף דער אידישער עמאנסיפאציע.

אין די קליינע רעשטען פון פוילישען קעניגרייך, וואס האבען שפעטער, בעת נאפאלעאן׳ס מלחמות און נאך דעם וויענער קאנגרעס, אויפגעלעבט אויף א קורצער צייט, ד. ה. אינ׳ם ווארשויער הערצאגטום און אינ׳ם „פוילישען צארענרייך“ זיינען די אידען בעהאנדעלט געווארען אויף דעם ערגסטען אופן, נאר דערביי האט זיי אבער די קאנסטיטוציע פון 1815 פערשפראכען, אז מיט דער צייט וועט זייער רעכטליכע לאגע פער־בעסערט ווערען. די רעוואלוציאנערע רעגיערונג פון רוסיש־פוילען פון 1864 יאהר האט פראקלאמירט פולע בירגערליכע גלייכבערעכטיגונג פאר אידען, נאר קיין וויכטיגע רעזולטאטען האט דאס ניט געקאנט האבען: די צארישע ארמעען האבען אין גיכען צוטראטען די צארטע בלום פון פוילישער פרייהייט.

נאך דעם איז פוילען געווארען א פראווינץ פון רוסלאנד און די רעכט־ליכע לאגע פון די אידען איז געקומען אין ענגער פערבינדונג מיט דער פאליטיק פון דער רוסישער רעגיערונג בנוגע צו די רוסישע אידען. פונדעסט־וועגען האבען די אידען אין פוילען פאר דער וועלט־מלחמה געהאט עפעס מעהר רעכט, איידער זייערע ברידער פון די רוסישע גובערניעס.

ביי יענע רעוואלוציאנערע פוילישע פארטייען, וואס קעמפען פאר דער פולער פאליטישער אונאפהענגיגקייט פון פוילען, פערנעהמט די אידען־פראגע א זעהר חשוב׳ען פלאץ אין זייער פראגראם, און זיי האבען שטענדיג געפאר־דערט בירגערליכע גלייכבערעכטיגונג פאר די אידען. נאר דערביי איז שטענדיג פאראויסגעזעצט געווארען, אז די עמאנסיפאציע דארף ברענגען צו פאלשטענדיגער נאציאנאלער עמאנסיפאציע, און די אידען מוזען זיך אינ־גאנצען אבזאגען פון זייערע נאציאנאלע אייגענטימליכקייטען, אונטערגעהן אין דער פוילישער נאציאן. די בירגערליך־דעמאקראטישע פארטייי אין פוילען איז צוערשט אויך געשטאנען אויף דעם שטאנדפונקט, נאר די רוסישע רעוואלוציע האט איהר געגעבען א שטארקען שטויס צוריק, זי האט זיך אפען פערוואנדעלט אין א רעאקציאנערער פארטיי: מיר מיינען די זעהר איינ־פלוסרייכע אזוי גערופענע „נאראדאווא דעמאקראציא“, וועלכע איז מיט א צייט צוריק געווען זעהר ראדיקאל אין אלע פראגען, אויך אין דער אידישער, האט אבער פון 1905 יאהר קאפיטולירט פאר דעם רוסישען צאריזם. די נאראדאווא דעמאקראציא איז מגולגל געווארען אין א פערביסען רעאקציא־נערער און אנטיסעמיטישער פארטיי, זי האט עס ארויסגערופען און ארגא־ניזירט דעם בעריהמטען באיקאט געגען אידען. פונדעסטוועגען האט זי

נאך ביז איצט אפיציעל ניט ארויסגעשטראכען פון איהר פראגראם דעם פונקט וועגען אידישער גלייכבערעכטיגונג, נאר זי שטעלט די אידען א פאדערונג: קודם אסימילאציע, און דערנאך גלייכע רעכט.

אזוי האבען פאר דער וועלט-מלחמה די גאנצע פוילישע געזעלשאפט און אלע פארטייען געשטעלט א פערבינדונגס-צייכען צווישען אידישער עמאנסיפאציע און אידישער אסימילאציע. דער אונטערשיעד צווישען די סאציאליסטישע און די בירגערליכע פארטייען דערביי איז נאר אין דעם, וואס ביי די ערשטע קומט די עמאנסיפאציע פריהער און די אסימילאציע אלס אונבעדינגטער רעזולטאט, ביי די צווייטע אבער איז די אסימילאציע דער אולטימאטיווער תנאי, און די גלייכע רעכט וועלען אפשר קומען דערנאך (דאס אויך ווייט ניט זיכער...) *)

די וועלט-מלחמה האט אריינגעבראכט א שרעקליכען פלאנטער אין דער אזוי אויך קאמפליצירטער פראגע וועגען דער אידישער עמאנסיפאציע אין פוילען. נאר אויך צווישען די פאליאקען שלאגט זיך דורך ביסלעכווייז די איינזעהעניש, אז צו דער קאמפליצירטער פראגע קען מען ניט צוגעהן מיט די פריהערדיגע פעראיינפאכטע מעטאדען, און אז ס'איז ניטא קיין רעכט-ליכע פערבינדונג צווישען אסימילאציע און עמאנסיפאציע. א קליינער טייל פון די פויליש-בירגערליכע פאליטיקער הויבט אן צו רעכענען זיך מיט דער נאציאנאלער אינדיווידואליטעט פון דער אידישער בעפעלקערונג.

די אידישע מאסען אין פוילען, אנגעפיהרט הויפטזעכליך פון די אידיש-סאציאליסטישע פארטייען („בונד" און „פועלי ציון") פאדערען שוין אין משך פון די לעצטע פופצעהן יאהר פולע בירגערליכע און נאציאנאלע גלייכ-בערעכטיגונג. די ברייטע שיכטען פון אידישער בורזשואזיע שטיצען אונטער די דאזיגע פאדערונגען. נאר א קליינער טייל פון פוילישען אידענטום, נעמליך די פערטרעטער פון גרויסען קאפיטאל, די וואס רופען זיך „פאליאקען

---

*) די גערעכטיגקייט פערלאנגט צו בעמערקען, אז איינע פון די סאציא-ליסטישע פארטייען (פויל. סאצ. פארטיי „פראלעטאריאט") און איינע פון די בירגערליכע (די „פראגרעסיוו-דעמאקראטישע פארטיי") האבען געפאדערט גלייכע רעכט פאר אידען אונטער אלע אומשטענדען און קיין שום בעדינגונגען וועגען אסימילאציע ניט געשטעלט. זיי זיינען אפילו גענייגט געווען אנצוערקענען די נאציאנאלע אינדיווידואליטעט פונ'ם אידישען פאלק און דאס רעכט פון די פוילישע אידען צו ענטוויקלען זייער נאציאנאלע אייגענטימליכקייט. נאר ביידע פארטייען זיינען געווען צו אומבעדייטענד אין צאהל און ניט געהאט קיין שום איינפלוס אויף די אידיש-פוילישע בעציהונגען.

פון משה רבינו'ס גלויבען", פיהרען אָן א פערביסענעם קאמף געגען די נאציאָנאלע פאָדערונגען פון אידישען פאָלק. אין זייער שנאה צו דער נאַציאָנאלער אינדיווידואליטעט פון יענעם פאָלק, וועמען זיי פערדאנקען זייער אייגענעם אורשפּרונג, זיינען זיי פערגאנגען אזוי ווייט, צו מאכען יד אחת מיט די אַנטיסעמיטען: די מנהיגים פון דער אידישער קהלה אין ווארשא האָבען געקעמפּט אפילו געגען דער בירגערליכער גלייכבערעכטיגונג. זיי האָבען געשיקט צו דער רוסישער מלוכה־דומע קיין פּעטערבורג ספּעציעלע שליחים צו פאָדערען ביי די רוסישע ליבעראלען, אז די לעצטע זאָלען איינגעהן אויף נייע בעשרענקונגען פון די אידען אין דער שטאָדט־פערוואלטונג פון פוילען. וועלכע ענדערונגען די מלחמה וועט אריינברענגען אין זייער שטעלונג, איז נאָך שווער צו זאָגען.

ב. רוסלאנד. די רוסישע רעוואָלוציאָנערען פון די דעקאבריסטען (1825 יאָהר) ביז דער „נאראָדנאיא וואָליא" (1878—1884 יאָהר) האָבען זיך זעהר ווייניג אָדער גאָר ניט אינטערעסירט מיט דער בעזונדערער לאגע פון די אידען, נאָר זיי פלעגען זי פערענטפערען כלאהר יד דורך דער אַלגעמיינער פאָדערונג פון גלייכע בירגערליכע רעכט פאר דער גאנצער בעפעלקערונג. מ'מוז דאָ בעמערקען, אז אפילו נאָך דער בעפרייאונג פון די פויערים (אין 1861 יאָהר) איז רוסלאנד פאָרט געבליבען ביי דער מיטעלאַלטערליכער אָרדנונג פון שטאנד־פּריווילעגיעס. ביז דער רעוואָלוציע פון 1905 יאָהר זיינען די צעהנדליגער מיליאָנען רוסישע פויערים און פאבריקס־ארבייטער אַלץ געבליבען בירגער פון דריטער קלאס אָהן די רעכט פון אַנדערע קלאסען (פון די שטאָדט־בירגער „מיעשטשאנעם" און פּריצים „דוואָריאנעם"). די רוסישע פויערים ווערען נאָך עד היום געהאלטען אין רעכטלאָזיגקייט און געפינען זיך אונטער דער ברוטאלער השגחה פון די פּריצים. צוזעהענדיג די רעכטלאָזיגקייט פון זייער אייגענעם פאָלק, האָבען די רוסישע רעוואָלוציאָנערען, נאטירליך, ניט געקענט שענקען די געהעריגע אויפמערקזאמקייט דער אידישער רעכטלאָזיגקייט, בפרט נאָך ווען די רוסישע פּרייהייטס־קעמפּפער פון יענע צייטען זיינען אליין נאָך געוועזען פול מיט טראדיציאָנעלע פאָרורטיילען געגען אידען: געקוקט אויף די אידען, ווי אויף „עקספּלואטאטאָרען" און „פאראזיטען". נאָך אין 1881 יאָהר האָט א גרופּע פון דער סאָציאליסטיש־רעוואָלוציאָנערער פּארטיי „נאראָדנאיא וואָליא" ארויסגעלאָזט אַן אויפרוף צום רוסישען פאָלק, אז ער זאָל מאכען פּאגראָמען אויף גלחים, פּריצים און אידען, — און אָנהויבען זאָל זיך דער פּאגראָם פון די אידען.

ביי אזא בעציהונג מצד אפילו פון די בעסטע עלעמענטען אין לאנד.

פון די אינטעליגענטען און פריוויליגיטס־מארטירער, האָבען די אידען, נאַטירליך, ניט געקאָנט און ניט געוואַגט צו רעדען וועגען גלייכע רעכט. חוץ דעם איז צווישען די אידען גופא נאָך אַ לאַנגע צייט ניט געווען קיין איינינגקייט אין אָט דער פראַגע. אַזוי ווי די גלייכבערעכטיגונג איז פערבונדען געווען מיט אייראָפּעאיזאַציע און אויפקלערונג, מיט „אפּיקורסות“, פלעגען די רעליגיעזע עלעמענטען, בעזונדערס די חסידישע רביים, האַרטנעקיג קעמפּפען געגען דער אידעע פון גלייכע רעכט און פרייהייט. און בעת די ערשטע רוסיש־אידישע משכילים האָבען זיך אין צייט פון קייסער אַלעקסאַנדער דעם ערשטען משתדל געווען וועגען דער פערבעסערונג פון דעם רעכטליכען מצב פון די אידען, האָבען, פערקעהרט, די חסידישע קרייזען אַרום שניאור־זלמן ליאַדיער אָנגעווענדט זייער שתדלנות ביי די רעגירונגס־אָרגאַנען, אַז קיין האָר זאָל ניט געמינדערט ווערען פון דער אידישער רעכטלאָזיגקייט.

די ערשטע קעמפּפער פאַר אידישע רעכט זיינען געווען די ערשטע משכילים, און זיי האָבען געגלויבט באמונה שלמה, אַז די אידישע רעכטלאָזיגקייט שטאַמט דערפון, וואָס די רעגיערונג פעראַכט די אידען פאַר זייער אונוויסענהייט. קוים וועלען די אידען אַראָפּוואַרפען פון זיך די פערשימעלטע מיטעלאַלטערליכע מנהגים, די קאָמישע קליידונג, די „נאַרישע“ אָפּגעזונדערטקייט און וועלען ווערען „מלא דעה“ דורך דער „השכלה בת שמים“, וועט די רעגירונג און די געזעלשאַפט פון די אַרומיגע פעלקער באַלד איינזעהן, אַז די אידען זיינען געוואָרען צו מענשען גלייך, און ממילא וועלען שוין אָפּגעשאַפען ווערען די בעשרענקונגען פון די אידישע רעכט.

די דאָזיגע אידעע פון עמאַנסיפּאַציע דורך השכלה ציהט זיך אין דער געשיכטע פון די רוסישע אידען אין משך פון כמעט אַכציג יאָהר, אָנהויבענדיג פון נעוואַכאָוויטש (דעם מחבר פונ׳ם „וועה־געשריי פון דער טאָכטער פון יהודה“ אין רוסיש, — דעם ערשטען אויפרוף צו אידישער „אויפקלערונג“ און צו דער „פערבעסערונג פונ׳ם אידישען מצב“) און ווייטער דורך ריב״ל (יצחק־בער לעווינזאָן), מ. ליליענטאַל, ל. מאַנדעלשטאַם, א. אָרשאַנסקי, ביז די „משכילים“ פון די 70ער יאָהרען, ווי י. ל. גאָרדאָן, ל. לעוואַנדאַ, ליליענבלום, פּינסקער און אַנד. די איינצעלנע פּראָגרעסיווע רוסען, וואָס האָבען געשענקט מעהר אויפמערקזאמקייט דער אידען־פראַגע, ווי אַלעקסאַנדער דעם ערשטענס בעל־יועץ ספּעראַנסקי, גראַף אוואַראָוו, פּיראָגאָוו און אַנדערע זיינען אויך אינגאַנצען געשטאַנען אויף אָט דעם שטאַנדפּונקט פון עמאַנסיפּאַציע דורך אויפקלעהרונג פון די אידען גופא.

די רעגיערונג האָט זיך פון צייט צו צייט אויך גענייגט צו אָט דעם שטאַנדפּונקט, נאָר על פּי רוב פלעגט זי נאָר אויסנוצען די נאַאיווע איבער־

געבענהייט פון די אידישע משכילים, כדי נאך פעסטער צו פערציהען דעם שטריק אויפ'ן אידישען האלז. ענדליך האבען די משכילים פערשטאנען, אז די צארישע רעגירונג איז אן אייביגער שונא פון אידישען פאלק, און פון די זעכציגער יאהרען הויבט אן ארייננצודרינגען אין דער אידישער אינטעליגענץ די נייע אידעע, אז די גלייכבערעכטיגונג קאן קומען בלויז אלס רעזולטאט פון דער אלגעמיינער בעפרייטונג פון רוסלאנד.* פון אנהויב איינצעלנע מענשען, און וואס ווייטער אלץ מעהר האבען פערשטאנען, אז כדי צו דערגרייכען גלייכע רעכט, מוזען זיך די אידען בעטייליגען אין דער רעוואלוציאנערער בעוועגונג, העלפען אראפווארפען דעם צאריזם.

די רעגיערונג האט זיך אליין צוגעאיילט אט די אידעע צו בעשטעטיגען, ווען, נאך די פאגראמען פון די אכציגער יאהרען און די נייע גרושים און בעשרענקונגען פון וואוין־רעכט, האט זי נאך ארויסגעלאזט איהרע „צייטווייליגע רעגעלען" וועגען דער פראצענט־נארמע פאר אידען אין די לעהראנשטאלטען. פערוועהרענדיג דער אידישער יוגענד דעם צוטריט צו דער בילדונג, האט די רעגיערונג בפירוש בעוויזען, אז אויפקלעהרונג אליין איז גאר ניט קיין סגולה צו עמאנציפאציע, און אז פאר דעם אויפגעקלערטען אידען האט זי נאך מעהר מורא, ווי פאר דעם ניט־געבילדעטען.

בכלל האבען די פאגראמען און די רדיפות פון די אכציגער יאהרען אויף לאנג אפגעשטעלט דעם קאמפף פאר אידישע רעכט, און ערשט די ארבייטער־בעוועגונג פון די 90ער יאהרען נעהמט ווידער אויף דעם קאמף. דער אין 1897 יאהר געגרינדעטער „בונד" („אלגעמיינער אידישער ארבייטער־בונד אין ליטא, פוילען און רוסלאנד") האט דער ערשטער פראקלאמירט די פאדערונג פון גלייכע רעכט פאר אידען, — צוערשט בלויז פון בירגערליכע רעכט, שפעטער האט דער „בונד" צוגעגעבען אויך די פאדערונג פון נאציאנאלע רעכט. חוץ די אלע אנדערע היסטארישע פערדיענסטען, וואס דער „בונד" האט אין יענע יאהרען געהאט פאר דעם אידישען פאלק און פאר'ן אידישען ארבייטער־קלאס, קומט דעם „בונד" נאך די אנערקענונג, וואס ער האט דער ערשטער ארויסגערופען די אידישע מאססען אין קאמף פאר בירגערליכער און נאציאנאלער עמאנציפאציע. עס מוז אבער אויך בעמערקט ווערען, אז דער „בונד" האט זעהר אונגערן אויפגענומען די פאדערונג פון נאציאנאלע רעכט און

*) דאס איז געווען די גרונד־אידעע פון א. ארשאנסקי, ווייטער ענטוויקעלט אין די זשורנאלען „ראזסוויעט" און „וואסכאד".

בכלל האָט ער זיך צו איהר קיינמאָל ניט בעצויגען מיט דעם גאַנצען ערנסט און מיט דער נויטיגער קאָנסעקווענץ.

די רעוואָלוציאָנערע טעטיגקייט פון „בונד" האָט נאָך געהאט אַ צווייטע גינציגע ווירקונג אויף דעם אידישען קאמף פאר רעכט אין רוסלאנד: צו־זעהענדיג דעם ברייטען שוואונג און דעם קאמפס־מוט פונ'ם אידישען פּראָ־לעטאריאט, האָבען די רוסישע רעוואָלוציאָנערען און אפילו די בירגערליכע ליבעראלען אליין געמוזט ענדערען זייער בעציהונג צום אידישען פאָלק. זיי האָבען שוין מעהר ניט געקאָנט בלייבען גלייכגילטיג צו דער אידען־פראגע, זיי האָבען גענומען אַ מעהר ענערגישע שטעלונג געגען דער אידישער רעכטלאָזאגקייט. די רעוואָלוציאָנערע ארויסטרעטונגען פון „בונד" האָבען געצוואונגען די רוסישע פּרייהייטס־קעמפּער אוועקצושטעלען די אידען־פראגע אויף דער פּאָליטישער טאגעס־אָרדנונג. אָבער נאָך מעהר האָט אין דער ריכטונג געווירקט די רעגירונג גופא, וועלכע האָט מיט'ן גרויזאמען פּאָגראָם אין קישינעוו (אפּריל 1913) געעפענט אַ נייע פערבינדונג צווישען דער אידען־פראגע און דעם אל־רוסישען פרייהייטס־קאמף. פאר די רדיפות פון די אַכציגער יאָהרען האָט די רעגירונג געהאט אַן אויסרייד, אז די אידען זיינען „עקספּלואטאטאָרען", „בלוט־צאפּערס פון דער איינגעוואָרצעלטער בעפעלקערונג". פון קישינעוו אָן בייט זי שוין איהרע תירוצים, זי זאָגט, אז די אידען זיינען אַ רעוואָלוציאָנערער עלעמענט, וועלכער שטערט די אָרדנונג אין דער מלוכה.

דורך דער סיסטעמאטישער און גוט־אָרגאניזירטער אידען־העצע מיהט זיך די רעגיערונג צו קאָמפּראָמיטירען די פרייהייטס־בעוועגונג ביי די גרויסע מאסען פון רוסישען פאָלק, פאָרצושטעלען אַלע פרייהייטס־פאָדערונגען און בעוועגונגען, אַלס אַ „אידישען אויפטו". די אידען זוכען, הייסט דאָס, אראָפּצוּוואַרפען די היסטאָרישע מאכט פון צאַריזם, כדי צו פערכאפּען אין זייערע אידישע הענט די „ממשלה איבער דעם רוסישען פאָלק". מיט אָט דער פּאָליטיק האָט די רעגירונג געצוואונגען אַלע פרייהייטליכע עלע־מענטען אין רוסלאנד פאנאנדערצובינדען דעם קנויל פון רעאקציע און אידען־האס, אויפצוקלערען דעם רוסישען פאָלק דעם „אמת וועגען די אידען" און מאכען די אידישע זאך פאר זייער אייגענער זאך.

פאר דער רעוואָלוציע פון 1905—1906 יאָהר איז, אַלזאָ, די אידען־פראגע געוואָרען איינער פון די וויכטיגסטע שיידונגס־פּונקטען צווישען דער רעאקציע און דער רעוואָלוציע. אַלע סאָציאַליסטישע פּארטייען פון אידישען ארבייטער־קלאס, „בונד", „פּועלי ציון", „ס. ס." און „סערפּ" האָבען גע־

קעמפּפט פאַר בירגערליכער און נאַציאָנאַלער גלייכבערעכטיגונג פון אידישען פאָלק, און די קאמף־מעטאָדע זייערע איז געווען: די פערבינדונג פון די אידישע פאָדערונגען מיט דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג פון ארבייטער־קלאַס פון גאַנץ רוסלאַנד. די „פועלי ציון“, וועלכע זיינען ענטשטאַנען שפּעטער פאַר׳ן „בונד“, האָבען מיט מעהר ענטשלאָסענהייט פאַר איהם ענטוויקעלט די נאַציאָנאַלע זייט פון דער גלייכבערעכטיגונג. אָנשטאָט ענגער „קולטור־אויטאָנאָמיע“ פון „בונד“, האָבען זיי פערלאַנגט אַ ברייטע „נאַציאָנאַל־פּאָליטישע אויטאָנאָמיע“ אין אַ ל ע נאַציאָנאַלע ענינים, סיי קולטורעלע, סיי אויך פּאָליטישע און סאָציאַל־עקאָנאָמישע (ווי די רעגולירונג פון דער עמיגראַציע, פערזיכערונג געגען פּאָגראָמען א. ד. גל.), און, חוץ דעם, קהלה־אויטאָנאָמיע און פולע נאַציאָנאַלע גלייכבערעכטיגונג.*) די בירגערליכע גרופּען פון אידישען פאָלק האָבען אין 1905 יאָהר געבילדעט אַ „פערבאַנד פאַר דער דערגרייכונג פון פולבערעכטיגונג“, וועלכער האָט זיך אין פּאָליטישע פראַגען געשטעלט אין פערבינדונג מיט דער רוסישער קאָנסטיטוציאָנעל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי און מיט אַנדערע נאָך ראַדיקאַלערע פּאַרטייען פון רוסישען פאָלק, נאָר ניט מיט די סאָציאַליסטען. דאָס פּראָגראַם פונ׳ם „פערבאַנד פאַר פולבערעכטיגונג“ האָט ענטהאַלטען די פאָדערונגען פון בירגערליכער און נאַציאָנאַלער גלייכבערעכטיגונג און נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע.

די דאָזיגע פאָדערונגען זיינען אויך אויפגענומען געוואָרען פון די רוסישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, נאָר די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט זיך נאָך ביז׳ן היינטיגען טאָג ניט ענטשלאָסען אָפען צו פאָרמולירען די נאַציאָנאַלע פאָדערונגען און ספּעציעל אָנצואווענדען זיי צו די אידען. די סאָציאַליסטיש־רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי, פערקעהרט, האָט שטענדיג ענערגיש אונטערשטיצט די נאַציאָנאַלע פאָדערונגען פון אידישען אַרבייטער־קלאַס.

נאָך אַ וויכטיגע ספּעציפיש־רוסישע זייט פון אידישען רעכטס־קאַמף מוז דאָ דערמאָנט ווערען: דאָס איז דער ב ע וו א פ נ ע ט ע ר ז ע ל ב ס ט־ש ו ץ ג ע ג ע ן פּ אָ ג ר אָ מ ע ן. אין די פּאָגראָמען פון די אַכציגער יאָהרען האָט זיך די רעגירונג לפנים געהאַלטען „אונפּאַרטייאיש“: זי פלעגט דעם פּאָגראָם בשתיקא אָרגאַניזירען, נאָר אליין בעהאַלטען זיך הינטער די פּאָגראָמשטשיקעס און דערנאָך אין אַ געוויסער צייט, פון איין ביז דריי טאָג,

---

*) די פּאַרטיי ס.־ט. אין רוסלאַנד האָט קיין נאַציאָנאַלע רעכט פאַר אידען אין גלות ניט אַנערקענט. די אידעע פון נאַציאָנאַל־פּאָליטישער אויטאָנאָמיע האָט צום שטאַרקסטען בעטאָנט און פּראָפּאַגירט די פּאַרטיי „סערפּ“.

פלעגט זי ארויסשיקען מיליטער געגען די רויבער־באַנדען און אפילו בעשטראָ־
פען זיי. נאָכ'ן קישינעווער פּאָגראָם האָט זי זיך שוין אפילו ניט געפּרובט
צו פערבעהאלטען: ביים סאמע אָנהויב פּאָגראָם פלעגט זי שיקען מיליטער
צו בעוואַכען און בעשיצען די רויבער. דאָס האָט געצוואונגען די אידישע
רעוואָלוציאָנערען אליין איבערצונעהמען דעם שוץ פון דער אידישער בעפעל־
קערונג. די ערשטע „סאַמאָ־אָבאָראָנע" פון דעם מין איז געגרינדעט גע־
וואָרען בשעת דעם קליינעם פּאָגראָם אין יעקאַטערינאָסלאַוו אין אַפּריל
1901 פון דער דאָרטיגער סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע פּועלי־ציון, נאָר די
גאַנצע פּאָליטישע בעדייטונג פון אידישען זעלבסט־שוץ, אַלס פאָרם פון
רעוואָלוציאָנערען קאמף, איז קלאָר ארויסגעקומען ערשט אין סעפּט. 1903,
בשעת די האָמעלער אָרגאַניזאַציאָן פון „בונד" האָט געשטעלט א וויעדער־
שטאַנד געגען די רויבער־באַנדען און סאָלדאַטען.

בעת די קאָלאָסאַלע פּאָגראָמען פון אָקט. 1905 האָט די סאַמאָאָבאָראָנע
געשפּיעלט א גרויסע ראָלע אין א סך שטעט און שטעטלעך. חוץ די סאָ־
ציאַליסטי־אידישע פּאַרטייען (בונד, פּועלי־ציון, ס.־ט.) האָבען זיך אויך
קריסטליכע רעוואָלוציאָנערען טיילוויז בעטייליגט אינ'ם שוץ פון די אידען.*)

דער מאַניפעסט פון 17(30) אָקט. 1905 האָט, צווישען אַנדערע קאָנ־
סטיטוציאָנעלע פּרייהייטען, צוגעזאָגט אויך גלייכע רעכט פאַר אַלע פעלקער
און רעליגיעזע פרייהייט. ניקאָלאַי דער צווייטער האָט קיינמאָל ניט ערפילט
זיין פערשפּרעכונג, נאָר די ערשטע צייט נאָך דעם האָבען די אידען גלייך
דערפיהלט א סעריע דערלייכטערונגען: די גירושים האָבען אויפגעהערט,
די אידען האָט מען געלאָזט וואוינען מחוץ דער „טשערטאַ", די פּראָצענט־
נאָרמע פאַר דער שטודירענדער יוגענד איז ניט אָפּגעהיט געוואָרען א. ד. גל.
נאָר דער שטאַאַטס־שטרייך פון דער צארישער רעגירונג דעם 3 יוני 1907
האָט געמאַכט א סוף צו אָט דער „פערנאַכלעסיגונג פון געזעץ". נאָך א
קורצער הפסקה איז וויעדער אַוועק א „הבה נתחכמה" געגען די אידען אין
די רעגירונגס־ספערען פון'ם ביוראָקראַטישען לייטער,

*) מיר דערמאָהנען דאָ נאָר דעם טראַגישען טויט פון'ם רוסישען סטודענט
בלינאָוו אין דער זשיטאָמירער סאַמאָאָבאָראָנע, די גרוזינישע סטודענטען אין דער
סאַמאָאָבאָראָנע בעת'ן פּאָגראָם אין אָדעס, די טעראָריסטישע אַקטען פון אייניגע
רוסישע רעוואָלוציאָנערען געגען די הויכגעשטעלטע אָרגאַניזאַטאָרען פון אידישע
פּאָגראָמען. אין פּאָלטאַווע האָט אַ וואַכט פון סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אייזענבאַהן־
ארבייטער צוזאַמען מיט דעם זעלבסטשוץ פון די „פּועלי־ציון" אינגאַנצען פערהיט
די שטאָדט פון אַ פּאָגראָם אין אָקטאָבער 1905.

פון אויבען ביז די סאַמע נידריגסטע בעאַמטע. די אידישע לאַגע איז וואָס פון טאָג געוואָרען אַלץ מעהר אונערטרעגליך.

בעת דער רעוואָלוציע האָט מען פעסט געגלויבט, אַז די קאָנסטיטואירענדע פערזאמלונג פון דער גאַנצער מלוכה וועט מיט אַ מאָל אָפּשאַפען די גאַנצע אידישע רעכטלאָזיגקייט. נאָך דעם זיעג פון דער רעאַקציע איז דאָס געוואָרען אונמעגליך, און זינט יענער צייט בעמיהען זיך די אידישע דומאַ־רעפּוטאַטען, אונטערגעשטיצט פון די סאָציאַליסטען און קאָנסטיטוציאָנעלע דעמאָקראַטען, אָפּצושאַפען לכל הפחות איינציגווייז די ערגסטע און וויכטיגסטע רעכטס־בעשרענקונגען. די אידישע דומאַ־דעפּוטאַטען (2 אין דער דריטער דומע און 3 אין דער פערטער) מאַכען פון צייט־צו־צייט אינטערפּעלאַציעס צו דער רעגירונג מכח די בעזונדערס חוצפה'דיגע רדיפות געגען אידען, און עטליכע מאָל האָבען זיי געפּרובט אַוועקצושטעלען אויף דער טאַגעסאָרדנונג די פראַגע וועגען אָפּשאַפען די „טשערטאַ“ נאָר אַלע מאָל האָט די רעאַקציאָנערע דומאַ־מעהרהייט ברוטאַל נידערגעשטימט די אידישע פּראָטעסטען און פאָדערונגען.

די אידישע דומאַ־דעפּוטאַטען האָבען ענטוויקעלט אַן אינטענסיווע טהעטיגקייט, בעקעמפענדיג דעם בעקאַנטען געזעץ־פּראָיעקט פון דער רעגירונג אַריינצופיהרען שטאָטישע זעלבסט־פערוואַלטונג אין פּוילען. די רעגירונג האָט די אידען געגעבען אַ בעשרענקטע פערטרעטערשאַפט אין די פּוילישע מוניציפּאַליטעטען: אין יענע שטעט, וואו אידען בילדען אַ מעהרהייט פון 60 פּראָצענט פון דער בעפעלקערונג, זאָלען זיי האָבען אין דער פערוואַלטונג בלויז 20 פּראָצ. פון די שטימען, און אין די איבעריגע שטעט בלויז 10 פּראָצענט פון די שטימען. ווייטער טאָרען די אידען ניט ווערען געוועהלט אויף פעראַנטוואָרטליכע שטעלען. קיינע פּראָטעסטען האָבען אָבער ניט געהאָלפען, די פּוילישע „קאָלאָ“ אין דומאַ איז געגאַנגען האַנט־אין־האַנט מיט דער רעגירונג, און די שענדליכע בעשרענקונגען פאַר די אידען זיינען אָנגענומען געוואָרען פון דער דומאַ.

גאָר אומגעריכטערהייט איז אין דער רוסישער דומע דורכגעגאַנגען אַ געזעץ, וועלכעס איז דוקא גינציג אויך פאַר די אידען און גראָד פאַר זייער נאַציאָנאַלער ענטוויקלונג. דאָס געזעץ ערלויבט אַלע נאַציאָנאַליטעטען צו גרינדען פאָלקס־שולען, וואו כמעט אַלע למודים קומען פאָר אין דער מוטערשפּראַך פון יעדער נאַציע. אָט דער שולען־געזעץ איז אַריין אין קראַפט סאַמע ערב דער היינטיגער מלחמה, און פון איהם וועלען, צוגלייך מיט אַלע פעלקער פון רוסלאַנד, אויך די אידען עפּעס פּראָפיטירען.

אַ נייע ווענדונג האָט די בעוועגונג פאַר אידישער עמאַנציפּאַציע גע־

נומען ביים ביילים־פּראָצעס, וועלכער איז אויף אַזאַ מיטעלאַלטערישען און סקאַנדאַליעזען אופן אָרגאַניזירט געוואָרען פון דער רעגירונג. מיט דעם בלוט־בלבול זוכט די רעגירונג צו קרוינען איהר פּאָליטיק פון פערלוימדען און פערהעצען די אידען און דורך דעם צו פערלוימדען די פריהייטס־בעוועגונג פון רוסישען פאָלק. נאָר דער עפעקט פון ביילים־פּראָצעס איז געווען פונקט דער היפוך דערפון, וואָס די רעגירונג האָט געציעלט. אָנשטאָט צו פערלוימדען די אידען פאַר'ן רוסישען פאָלק, האָבען די נידערטרעכטיגע און אומגעלומפּערטע מאַכינאַציעס פון דעם בעשולדיגונגס־צד ענטפּלעקט פאַר'ן רוסישען פאָלק די גאַנצע צופּוילטקייט און אויסגעלאַסענקייט פון דער רעגירונג. אָנשטאָט צו שאַפען בערוהיגונג ביי די ברייטע פאָלקס־שיכטען, האָט דער ביילים־פּראָצעס גראָב בעליידיגט דאָס געוויסען פון דעם רוסישען פאָלק און אַרויסגערופען די גרעסטע אויפרעגונג. די ליבעראַלע רוסישע פּרעסע האָט נאָך קיינמאָל ניט געהאַט אַזאַ פערגרעסערטע צירקולאַציע, ווי ביי דעם ביילים־פּראָצעס. דאָרפיגע דינסט־מיידלעך, דוואָרניקעס („דזשעניטאָרס") און מארק־הענדלער, פון פאַבריקס־ארבייטער שוין גאָר אָפּגערעדט, האָבען מיט אונגעהויערען אימפּעט פאַנאַנדערגעכאַפּט די „עקסטראַס" און זייערע פּנים'ער האָבען געשיינט פאַר פרייד, ווען די עקסטראַס האָבען דערצעהלט ,אַז ביילים איז בּריינגעשפּראָכען.

און, ענדליך, אָנשטאָט ריינצוואַשען די רוסישע רעגירונג פאַר דער ציוויליזירטער עפענטליכקייט פון אייראָפּאַ און אַמעריקאַ, האָט דער ביילים־פּראָצעס אַראָפּגעריסען די לעצטע מאַסקע פון דער רוסישער הויף־קאַמאַריליע און געוויזען אַלע אָנשטענדיגע מענשען אין דער וועלט, וואָס פאַר אַ סכנה פאַר דער מענשליכער קולטור ס'שטעקט אין די רוסישע רעגירונגס־מעטאָדען. די גרעסטע ענטריסטונג האָט געהערשט אין אַלע עקען וועלט, און די אידען־פראַגע האָ בעקומען די בעדייטונג פון אַן א י נ ט ע ר נ אַ צ י אָ נ א ל ע ר אַ נ ג ע ל ע ג ע נ ה י י ט. *)

די צר־גוט בעקאַנטע אויסראָטונגס־פּאָליטיק פון דער רוסישער רעגירונג נעגען די אידען האָט אָבער דערגרייכט די העכסטע מדרגה אין דער וועלט־מלחמה, און דערמיט נאָך פערגרעסערט די א י נ ט ע ר נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע

*) כאַראַקטעריסטיש איז די שטעלונג, וואָס די לאָנדאָנער „טאַימז" האָט פערנומען צום ביילים־פּראָצעס. די דאָזיגע רוסען־פריינדליכע צייטונג האָט אָפען געפּרעגט, אויב ענגלאַנד קאָן נאָך אָנהאַלטען דיפּלאָמאַטישע פריינדשאַפט מיט דער רוסישער רעגירונג, וואָס בלאַמירט זיך אויף אַזאַ מיטעלאַלטערליכען אופן.

ב ע ד י י ט ו נ ג פ ו ן ד ע ר א י ד ע ן ־ פ ר א ג ע א י ן ר ו ס ל א נ ד. אויף דער רוסישער רעגירונג גופא איז ניטא און קען ניט זיין קיין שום האפנונג. אזוי לאנג, ווי דער צאריזם בלייבט הערשען, וועט די אידישע רעכטלאזיגקייט ניט אויפהערען און וועט אפילו ניט געלינדערט ווערען אויף קיין האר. דאס זעהט מען אפילו פון דער מעטאדע, מיט וועלכער די רעגירונג האט מסכים געווען אויף דער כלומרשט'ער פערברייטערונג פון דער „טשערטא", נאך דעם ווי די דייטשע עראבערונג האט די טשערטא סיי־ווי פאקטיש אפגעשאפט. דאס האט אויך אפען מודה געווען דער אינערן מיניסטער מאקלאקאוו אין געשפרעך מיט א אידישער דעפוטאציע. „איך וויים, האט ער געזאגט, אז די אידישע רעכטלאזינקייט איז א צופוילטע וואנט, זי מוז פריהער אדער שפעטער איינפאלען, — נאר איך וויל זי ניט לאזען פאלען, ווייל זי וועט מיך בעגראבען אונטער איהרע חורבות". דאס איז א ציניש־אפענע בעשטעטיגונג, אז דער צאריזם שטיצט זיך אויף דער שרעקליכע טראגעדיע פון די רוסישע אידען.

ג. א נ ד ע ר ע ל ע נ ד ע ר פ ו ן מ ז ר ח ־ א י ר א פ א. א זאנדערבארען פאל פון אידישער רעכטלאזיגקייט שטעלען מיט זיך פאר די מעהר־פרייהייטליכע לענדער פ י נ ל א נ ד און ר ו מ ע נ י ע ן. צום שפאט געגען איהר איינענעם נאציאנאלען אומגליק, אין שווידערליכען ווידערשפרוך צו איהר פרייהייטליך־דעמאקראטישער קאנסטיטוציע, האלט פינלאנד די אידען אין דער ביטערסטער פערשקלאפונג. אין לאנד, וואו עס הערשט דאס אלגעמיינע גלייכע און פראפארציאנעלע וואהלרעכט, מיט אלע „לעצטע אימפּרואוומענטס", מיט פרויען־שטימרעכט, מיט א גרויסער סאציאל־דעמא־קראטישער פארטיי, ווערען די אידען לויט'ן געזעץ בעהאנדעלט ניט ווי בירגער, ניט ווי מענשען, נאר ווי שעדליכע חיות. די קליינע צאהל אידען, וואס וואוינען דארט פון דורי דורות, טאר זיך ניט בעוועגען איבער'ן לאנד, זי איז פערשפארט אין די געטאס, קיין נייע אידען ווערען ניט צוגעלאזען, און דאס איינציגע מיטעל פון פרייהייטס־קאמף, וואס בלייבט דעם הייפעל פאריער, זיינען פעטיציעס צום פארלאמענט („לאנדטאג"). נאר דער פאר־לאמענט מאכט זיך סיסטעמאטיש ניט וויסענדיג פון דער אידישער לאגע. טרויעריג איז געווען דאס בילד, ווען די רוסישע שווארצע מאה האט אריינ־געלעגט די טומאה אין דער יראה און איינגעשטעלט זיך פאר דער אידישער קריוודע אין פינלאנד (אין 1909 יאהר). אבער אויך דער פאטש אין פנים האט ניט אויסגעניכטערט דאס פינישע פאלק.

אין רומעניען ווערען די אידען אויך בעטראכט פאר ניט קיין בירגער, נאר אויסלענדער, און דערצו נאך אויסלענדער אהן פרעמדען שוץ. די אידען

אַליין זיינען צו אונמעכטיג צו קעמפען געגען דער רעכטלאָזיגקייט. די אריינמישונג פון דער אינטערנאַציאָנאַלער עפענטליכקייט (דורך דעם בערלינער טראַקטאַט 1878 יאָהר) איז ניט געגאַנגען ווייטער פאַר פאַפּירענע רעזאָלוציעס. דאָס רומענישע פאָלק גופא איז כמעט איינשטימיג אין זיינע פיינדליכע געפיהלען צו די אידען. דיזעלביגע געוועזענע „סאָציאַליסטען", ווי צ. ב. דער סאָציאַליסטען־פיהרער גאַדעזשדאַ, וואָס האָבען נאָך אַ געוויסע צייט אַגיטירט פאַר די אידען, זיינען שפּעטער אַליין געוואָרען די פערביסענסטע אנטיסעמיטען. די „קאָנסערוואַטיווע" פּאַרטיי פּרעטענדירט בלומרשט צו בעשיצען די אידען, נאָר קוים בעקומט זי די מאַכט, האַלט זי ניט איין איהרע פערשפּרעכונגען. די „ליבעראַלע" פּאַרטיי „פון די דריי ברידער" (ברעטינאַו) איז אויסגעשפּראָכען אידען־פיינדליך.

די אידען האָבען זיך אָרגאַניזירט אין אַ „פערבאַנד פון איינגעוואָרצעלטע אידען" („אוניונעא יעוורעילאָר פאַמינטעני"), וואָס פיהרט אָן אַן אַגיטאַציע פאַר דער אידישער גלייכבערעכטיגונג. זיין פאָדערונג איז, אַז א געזעץ זאָל ערקלעהרען אלע אידען פאַר רומענישע בירגער. זיין אגיטאַציע פיהרט דער פערבאַנד אָן דורך די קנאַפּע פּראָגרעסיוו־רומענישע בלעטער („אַ־עווירול"), דורך דעמאָנסטראַציעס און פּעטיציעס צום פּאַרלאַמענט. זי ווערט אונטערשטיצט פון דער נייער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. — נאָר די גרעסטע שטערונג בעשטעהט אין דעם, וואָס די רומענישע עפענטליכקייט אינטערעסירט זיך ניט מיט די פראַגען פון אידישע רעכט. אַ געוויסען שטויס צו הויבען אַזאַ אינטערעס האָט אין 1913 יאָהר געגעבען דער סקאַנדאַל ארום דעם אָנדענקען פון ראָנעטי־ראָמאַן *). בעת דער מאָביליזאַציע אינ'ם צווייטען באַלקאַן־קריעג געגען בולגאַריען האָט די רעגירונג געלאָזט דורך איהרע אָפּיציעלע צייטונגען אַ ניט־אָפּיציעלען קלאַנג, אַז די מאָביליזירטע אידישע סאָלדאַטען וועלען נאַטוראַליזירט ווערען און קריגען בירגער־רעכט. נאָר צום סוף פון דער מלחמה איז די לאַגע געבליבען ווי געווען, און אפילו די בולגאַרישע אידען, וואָס זיינען צוזאַמען מיט דער פּראָווינץ דאָברודזשאַ אריבער אונטער רומע־

*) ראָנעטי־ראָמאַן איז געווען אַ גרויסער רומענישער דיכטער, אַ איד. נאָך זיין טויט האָט מען ביי אַ יאָהר צייט אויפגעפיהרט זיין פערטיידיגונגס־פּיעסע פאַר אידען „מנשה", און געוואָלט שטעלען איהם אַ דענקמאָל אין בוקאַרעשט. געגען דעם האָבען די אַנטיסעמיטען אויפגעהויבען אַ סעריע סקאַנדאַליעזע דעמאָנסטראַציעס, און די אַנגעלעגענהייט האָט אויף אַ געוויסער צייט געהויבען דעם עפענטליכען אינטערעס צו דער אידען־פראַגע.

גיען'ס הערשאפט, האבען דורך דעם פערלארען זייערע פריהערדיגע בירגער־רעכט.

דער אידישער רעכטס־קאמפף אין גאליציען געהערט ניט צום פרק פון בירגערליכער עמאנציפאציע, ווייל בירגערליכע רעכט זיינען דארט פאר די אידען גאראנטירט דורך דער קאנסטיטוציע פון דער גאנצער עסט־רייכישער מלוכה. דער קאמף דארט שטעלט זיך דעם צוועק פון נאציאנאלער עמאנציפאציע און וועט ארומגערעדט ווערען אין דעם שייכות'דיגען קאפיטעל.

אין דער טערקיי האבען די אידען בעקומען גלייכע רעכט, פערזענליכע, מענשליכע און נאציאנאלע, כמעט פאלשטענדיגע גלייכבערעכטיגונגען נאך מיט הונדערטער יאהרען צוריק און אהן שום אנשטרענגונג אדער קאמף פון זייער רזייט. דורך דער קאנסטיטוציאן האבען זיי געקראגען אויך פולע בירגערליך־פאליטישע רעכט. דעריבער געהערט די רעכטליכע לאגע פון די אידען אין דער אטאמאנישער מלוכה אויך צו א בעזונדערען פרק.

* *
*

מיר זעהען, אז דער עמאנציפאציאנס־קאמף האט אנגענומען די פערשיידענסטע פארמען אין פערשיידענע לענדער און געבראכט צו גאנץ פערשיידענע רעזולטאטען. בכן דארפען מיר זיך איצט בעקענען מיט דער רעכטליכער לאגע פון די אידען אין איטליכען לאנד בעזונדער, מיר מיינען די רעכטליכע לאגע, אזוי ווי זי איז אצינדערט. אנהויבען וועלען מיר פון די קלאסישע לענדער פון אידישער רעכטלאזיגקייט, רוסלאנד און רומעניען, און אריבערגעהן צו יענע לענדער, וואו אידען האבען שוין בעקומען בירגערליכע גלייכבערעכטיגונג. שליסען וועלען מיר אבער מיט'ן קלאסישען לאנד פון פרייהייט און גלייכהייט פאר אונזער פיעל־געפרובטען ליידענדען פאלק: מיט דער טערקיי.

.4

## די אידישע רעכטלאזיגקייט אין רוסלאנד.

געוועהנליך שטעלט זיך די וועלט פאר די רעכטלאזיגקייט פון אידען אין רוסלאנד אלס א פערפאלגונג פון א קליין מענשען־קבוץ. וואס באמת זיינען 6 מיליאן אידען געגען דעם אונגעהויערען פעלקער־ים פון רוסלאנד — בלויז 4 פראצענט פון דער אלגעמיינער בעפעלקערונג! מען דארף אבער געהמען אין אנבעטראכט, אז אידען האט מען צוזאמענגעטריבען אויס־

שליסליך אין די שטעדט, און דא בילדען זיי שוין ניט 4, נאר 24 פראַ־צענט, דאס הייסט כמעט א פערטעל פון דער בעפעלקערונג. און נעהמט מען ווייטער אין אנבעטראכט, אז אייגענטליך האבען אידען א קנאפע שייכות צו דער ברייטער צענטראלער רוסלאנד, ווי אויך צום מזרח רוסלאנד אין איירא פא און אזיען, אז אידען זיינען צוזאמענגעפרעסט אין דער „טשערטא אסיעדלאסטי", ס'הייסט אין די שטעט פון 15 וועסטליכע גובערניעס און אין פוילען, דאן זעהט מען, אז אין די שטעט און מיעסטעטשקעס פון דער אידען־געגענד בילדען זיי שוין ניט 24, נאר גאנצע 38—40 פראצענט. אין דער צפון־מערב'דיגער געגענד, אין ליטא, למשל, בילדען די אידען זאגאר 52 פראצענט פון דער שטאטישער בעפעלקערונג און אין אייניגע ערטער — אין מינסקער גובערניע — גאנצע 59.4 פראצענט. אס איז שוין אם כן ניט קיין אונבעדייטענדע הייפעל, נאר באלד א העלפט פון דער בעפעלקערונג, און אפטמאל א מעהרהייט פון איהר.

היינט שטעלט זיך אויף איין מינוט פאר, אז אין שטאט — אין דעם הויפט־נערוו פונ'ם גאנצען ווירטשאפטליכען לעבען פון א מדינה, אין דער דאזיגער ריעזיגערי סאציאלער לאבאראטאריע, וואס בעזארגט מיט פיזישע און גייסטיגע מאטעריאלען דאס לאנד ארום, איז האלב פון די איינוואוינער — דאס הייסט פון יעדע צוויי מענשען איינער — געבונדען, פשוט געבונדען הענד און פיס, געפלאנטערט מיט טויזענד־ער קנופען, וואס לאזען איהם קיין מינדסטע פרייע בעוועגונג. און שטעלט זיך ווייטער פאר, אז דערביי, נישט ווייט, שטעהען מענשען מיט פערגלאצטע אויגען און האלטען הויכע, שעהנע און קלינגענדע דרשות וועגען דער גרויס פון דער מאדערנער קולטור און אינדיווידועלער פרייהייט, וועגען פראגרעס פון אידעען, וועגען דער ארדנונג און געזעצליכקייט — וואס פאר א שענד־ליך אוננאטירליך בילד עס וואלט געוועזען, ווי טייוואליש וואלט דער דאזיגער שפאס געקלונגען!

און דאס אויסגעמאלטע בילד איז, אהן קיין שום איבערטרייבונג, דאס אלטעגליכע לעבען פון די 6 מיליאן אידען אין רוסלאנד.

לאמיר זיך צום בילד נעהענטער צוקוקען.

לויט דעם רוסלענדישען געזעץ־קאדעקס („סוואד זאקאנאוו") געהערען אידען אין רוסלאנד ניט צום קלאס „איינגעוואָרצעלטע בירגער" (קארעניע גראזשדאניע"), ווי אלע איבעריגע, הגם אויך ניט צו „אויסלענדער", ווי אין רומעניען, למשל, נאר צום קלאס „אינאראָדצי" — פרעמד־שטאמיגע. צום זעלבען קלאס אין רוסלאנד געהערען אויך די קליינע עטנאגראפישע גרופען: סאמאיעדען, קירגיזען, קאלמיקען, אייניגע שטאמען פון די אוראלער סטעפעס און פון מיטעל־אזיאטישען געגענד, מאנכע פון וועלכע זיינען נאך ביז יעצט

גענענדיענער. בלויז דאס אידישע פאלק און אט די אויביגע „פעלקער" ווערען ניט פערעכענט פאר „איינגעוואָרצעלטע בירגער". אָבער עס איז דאָ אַ גרויסער חלוק צווישען אונז און זיי: די דאָזיגע „פעלקער", די אַלע „סאַמאָיעדען" און „בוריאַטען" זיינען אין זייערע פערזענליכע און בירגער־ליכע רעכט ניט בעגרענצט, בעגרענצט זיינען בלויז מיר אידען.

די הויפט רעכטס־בעשטימונג וועגען אידען איז אויסגעדריקט אינ'ם פונקט 767 פון דעם „סוואָד זאַקאָנאָוו אַ סאָסטאָיאַניאַך", לויט וועלכען „די אידען ווערען רעגיערט נאָך די אַלגעמיינע געזעצען אין די אַלע פעלען, ווען עס עקזיסטירען ניט קיינע ספּעציעלע געזעצען וועגען אידען". עס איז אייגענטליך דאָס זעלבע, ווען מען זאָל זאָגען וועגען אַ מענשען אין געפענגניש, אַז ער איז אין אַלעס פריי צו טהאָן און האַנדלען ווי איהם גלוסט זיך, חוץ אַלע יענע פאַלען, ווען מ'פערוועהרט עס איהם...

די דאָזיגע יורידישע אומגעלומפּערטע דעפיניציע האָט בנוגע צו אידען אָנגענומען אַזאַ אויסטייטשונג: אידען קענען געניסען פון אַלגעמיינע רעכט און פּריווילעגיעס ניט דאַן, ווען אין געזעץ איז ניט פערוועהרט, נאָר ווען עס איז בפרוש ערלויבט. אין געזעץ, למשל, איז ניטאָ קיין פונקט, וואָס זאָל פערבאָטען אידען צו פערנעהמען אַן אָפיציעלען אמט, צו זיין אַן אָפיציער און דאָס גלייכען, עס איז אָבער אויך ניטאָ קיין פונקט, וואָס זאָל ספּעציעל זיי ערלויבען — דעריבער וואַרפט מען זיי פון דאָרט אַרויס. נאָך מעהר: אפילו דאַן ווען אַ געוויסעס רעכט אָדער הנחה איז ספּעציעל אויסגעטייטשט לטובת די אידען טעאָרעטיש, אין געזעץ, קומט די הערשענדע פּראַקטיק און מיט איהרע פּרושים אין סברות, אָדער פּשוט מיט'ן איגנאָרירען דעם געזעץ מאַכט זי די הנחה צו נישט. און אַז זי וויל גאָר, ווערט פון דער הנחה אַ גזירה. אַזעלכע פאַלען זיינען ניט זעלטען, למשל אין דער פראַגע פון וואוינרעכט.

בדרך כלל האָבען נייע געזעצען אפילו אין רוסלאַנד ניט קיין „צוריק־קערענדע מאַכט"; בנוגע אָבער צו אידען איז אַנדערש: אַ נייער געזעץ וועגען אידען, אויב ער בעשרענקט זייערע רעכט, האָט אַ שליטה אויך אויף פריהערדיגע צייטען. למשל: עס ערשיינט אַ געזעץ, אַז אידישע בעלי־מלאָכות טאָרען זיך ניט בעזעצען אין מאָסקווע — טרייבט מען גלייך אַרויס די אַלע יעניגע בעלי־מלאָכות, וואָס וואוינען שוין דאָרט זינט צעהנדליגער יאָהרען.

אין קיין הינזיכט איז אין רוסלאַנד ניט ערשיענען אַזאַ צאָהל געזעצען ווי וועגען אידען. די אידען געזעצען, געזאַמעלט אינאיינעם, בילדען אַ דיקעס בוך כמעט פון 200 זייטען, מיט העכער 500 פּאַראַגראַפען, און יעדער

פּאַראַגראַף, יעדער פּונקט בערויבט די אידען אין עפּעס, נעהמט אָפּ עפּעס אַ הנחה, אַ רעכט. טראָץ דער גרויסער צאָהל געזעצען און דער פּינקטליכקייט אינ'ם בעגרעניצען, איז אין קיין הינזיכט ניטאָ אַזא מורא'דיגער פּלאָנטער, ווי אין דער אידישער רעכטליכער לאַגע. פאַר דעם פּלאָנטער, נאַטירליך, בעצאָהלט ניט קיין אַנדערער, ווי די אידען אַליין — מיט זייערע טרערען און צובראָכענע לעבענס.

די געזעצען וועגען אידען זיינען אויסגעשטוקעוועט געוואָרען ניט מיט אַ מאָל, נאָר אין פערשיידענע עפּאָכען, אַרויסגערופען געוואָרען דורך פער־שיידענסטע, אָפט געגענגעזעצטע מאָטיוען. אויסער דעם פונדאַמענטאַלען „געזעץ קאָדעקס", רעגולירען דאָס אידישע לעבען פיעל מעהר דעם צאַר'ס בעפעהלען, אוקאַזען פון מיניסטאָרען ראַט, די שאלות ותשובות און פּירושים פונ'ם סענאַט, די „מיינונגען" פון גאָסודאַרסטווענעם סאָוועט. און נאָך דעם אַלעמען און פיליכט פיינליכער פון דעם אַלעמען זיינען די קליינליכע אָפענע און געהיימע צירקוליאַרען און אָרדערס פון מיניסטאָרען און גובער־נאַטאָרען, און ועל כולם די וועלט־בעריהמטע מערדערישע פּאָליציייאישע פּראַקטיק, אינ'ם דורכפיהרען דאָס געזעץ.

די דאָזיגע געזעצען כאַפּען אַרום ווי מיט אייזערנע רינגען דאָס גאַנצע פיזישע און גייסטיגע לעבען פונ'ם אידען. די אידען זיינען בעשרענקט אין פּערזענליכע, בירגערליכע און נאַציאָנאַלע רעכט אויף אַלע געביטען.

אידען זיינען בעשרענקט אין וואוינרעכט און פרייער בעוועגונג איבער'ן לאַנד, זיינען בעשרענקט אין קויפען ערד און אונבעוועגליכעס פערמעגען, זיינען בעשרענקט אינ'ם רעכט פריי צו בעשעפטיגען זיך מיט האַנדעל און איינגע צווייגען פון פּראָדוקציאָן, מיט דער יורידישער און איניגע אַנדערע פּראָפעסיעס; זיינען בעשרענקט אינ'ם רעכט אויף בילדונג; זיינען אויס־געשלאָסען פון שטאַאַטס און שטאָט־שטעלעס, פון אַנטייל נעהמען אין דער זעמסקער און שטאָטישער זעלבסט־פערוואַלטונג.

דאָס זיינען בלויז די הויפּט־גזירות, די „ראשי פּרקים" פון דער גרויסער אידישער רעכטלאָזיגקייט. יעדע גזרה האָט „תלי תלין של הלכות", טויזענ־דער רינגען פון דער שרעקליכער קייט.

די שווערסטע, פיינליכסטע און אונווירדיגסטע גזרה איז די בעשרענקונג אין וואוינרעכט און פרייער בעוועגונג איבער'ן לאַנד. לויט'ן געזעץ זיינען בלויז אידען און פערברעכער בעשרענקט אין אָט דעם מין רעכט; אידען, אויסער איינגע קליינע קאַטעגאָריעס, טאָרען ניט וואוינען אין גאַנץ רוס־לאַנד, נאָר בלויז אין די שטעט פון די 15 גובערניעס אין צפון־מערב'דיגען

און דרום־מערב'דיגען געגענד — אין דער בעוואוסטער „טשערטאַ יעווריי־סקאַי אָסיעלאָסטי", און אויך אין פוילען *). עס זיינען פאַראַן גאַנצע געגענדען, אונגעהויערע, ווי סיביר, פינלאַנד און טיילווייז קאַווקאַז, וואוהין קיין אידישע פוס טאָר ניט אריינטרעטען אפילו אויף אַ רגע און קיין אידיש אויג טאָר זיי ניט אָנקוקען.

די גזרה וועגען אידישען וואוינרעכט אין רוסלאַנד איז אַן אַלטע היסטאָ־רישע טראַדיציע פון דער רוסישער מלוכה. נאָך אין 17טען יאָהרהונדערט האָט מען אי איין אידען ניט ערלויבט אפילו צייטווייליג אַריבערטרעטען דעם שוועל פון לאַנד. אינ'ם 18טען יאָהרהונדערט, אין יאָהר 1742, האָט די קייזערין עליזאַבעטאַ ארויסגעגעבען אַ בעפעהל מען זאָל ארויסטרייבען פון רוסלאַנד אַלע אידען, וואָס האָבען זיך דאָ בעזעצט. אָפיציעל איז רוס־לאַנד געבליבען אָהן אידען, אין אמת'ען אָבער זיינען אידען נישט נעלם געוואָרען, ווייל אַליין די פּאָמעשציקעס האָבען זיך אין זיי זעהר גענויטיגט. אין 30—50 יאָהר אַרום, נאָך די דריי צוטיילונגען פון פוילישען קעניגרייך, האָט רוסלאַנד בעקומען בירושה עטליכע הונדערט טויזענד פרישע אידען, אַ פעסטען און ברייטען אידישען ישוב — אין פוילען, ליטא, ביעלאָרוסיע און אוקראַינע. און דאַן האָט די רוסישע קייזערין יעקאַטערינאַ די צווייטע געשטעלט די ערשטע אייזערנע וואַנד פאַר אַ אידישען אַריינדרינגען אין דער „הייליגער מוטער ראָסיא"; דעם 23טען דעצעמבער יאָהר 1791 האָט זי בעשטימט די „טשערטאַ אָסיעדלאָסטי", און פון דאַן אָן, פונקט 125 יאָהר, ווי אידען קענען זיך ניט אַרויסרייסען פון הינטער דער וואַנד. נאָך מעהר: פאַר די לעצטע 30—35 יאָהר איז דער אייזערנער רינג אַרום דער „טשערטאַ" געוואָרען אַלץ שמעלער און שמעלער — און די צאָהל אידען איז געוואַקסען און געוואָרען אַלץ גרעסער און גרעסער, און דאָס שטיקעניש און די שרעק אַלץ שאַרפער און מורא'דיגער.

מיט 35 יאָהר צוריק, אין אָנהויב די 80טע יאָהרען, ווען אין אַ רייהע שטעדט אין זיד־רוסלאַנד האָט פּלוצלונג אויסגעבראָכען דער בלוטיגער שטורם פון פּאָגראָמען, וואָס האָט פערכאַפּט 150 פונקטען, האָט די רוסישע רעגירונג, דער נייער צאַר אַלעקסאַנדער דער דריטער, בעשלאָסען צו בעשטראָפען די אידען — פאַר וואָס מען שלאָגט זיי. דעם 3טען מאַי יאָהר 1882 זיינען ערשיענען די בעוואוסטע „ווערעמענע פּראַווילעס" — די „צייטווייליגע"

---

*) מיר רעדען דאָ, נאַטירליך, ווי די לאַגע איז געווען ביז דער מלחמה: רעכטליך האָט זיך די דאָזיגע לאַגע אין רוסלאַנד אַזיך איצט אויף קיין האָר ניט געענדערט.

געזעצען, וואס שטעהען פעסט ווי אייזען זינט 34 יאהר. לויט די פראוויזאָלעט איז אידען שטרענג פערבאָטען: צו בעזעצען זיך אין דערפער אפילו אין „טשערטא" (וואס זיי האבען פריהער יא געמעגט) און צו קויפען און זאגאר ארענדירען דארט „ניעדוויזשימאָסט" — ערד און בכלל אונבעוועג־ליכעס פערמעגען. פערענטפערט האט מען עס מיט'ן מאָטיוו, אז מען וויל א טובה טהאָן די אידען: „אום צו בעשיצען אידען פון די גרויזאמע געוואלד־טהאטען פון דער קריסטליכער בעפעלקערונג אין די דערפער", ווי עס ווערט אָפיציעל ערקלערט.

אפילו לויט דעם געזעץ, האבען יענע אידען, וואס האבען שוין פון לאנגע יאהרען זיך בעזעצט אין די דערפער, געמעגט דארט פערבלייבען. איז אין יאהר 1887 ארויס א נייער געזעץ, וועלכער האט אזעלכע אידען צוגע־בונדען צו די דערפער: א איד, וואס האט זיך דארט בעזעצט ביז'ן יאהר 1882, האט קיין רעכט ניט געהאט ריהרען זיך פון דארף און אריבערפאהרען, זאגאר אריינטרעטען אין אן אנדער דארף, וואס שטעהט אפילו עטליכע טריט נעבען דעם. עס זיינען געוועזען פאלען, ווען א איד איז געשטאָרבען אין א דארף, וואו קיין בית הקברות איז ניט געוועזען, און מען האט דעם מת ניט געקענט פיהרען מקבר זיין אין א בית הקברות דערביי, ווייל דאס לעצטע האט שוין געהערט צו אן אנדער דארף, וואו די אידישע בעגלייטער און קרובים און אפשר אליין דער מת האבען קיין רעכט ניט געהאט אריינ־צוטרעטען. *)

---

*) דא איז כדאי צו בעמערקען, אז דער אייגענטליכער „תחום המושב" („טשערטא אָסיעדלאָסטי") נעמט ארום די פופצעהן גובערניעס פון מערב־רוסלאנד: וויטעבסקער, מאָהילעווער, קאָוונער, ווילנער, גראָדנער, מינסקער, קיעווער, וואָלינער, פאָדאָליער, טשערניגאָווער, פּאָלטאַווער, יעקאַטערינאָסלאַווער, כערסאָנער, קרים און בעסאַראַביען. דערביי זיינען אָבער אויסגעשלאָסען די שטעדט קיעוו און סעוואַס־טאָפּאָל, וואו אידען האבען ניט קיין וואוינרעכט, און ניקאָלאַיעוו, וואו אידען וואוינען אונטער דער שטענדיגער סכנה פלוצלונג ארויסגעשיקט צו ווערען. אין אָט די 15 גובערניעס זיינען די דערפער פערשלאָסען פאר די אידען. — די צעהן גובערניעס פון „פוילישען קעניגרייך" געהערען ניט צו דער „טשערטא", די אידען האָבען אין פוילען נאָך לויט די אַלטע געזעצען פאָלשטענ־דיגעס וואוינרעכט, אויך אין די דערפער. פונדעסטוועגען האָט די אַדמיניסטראַציע אָנגעהויבען פאר די לעצטע יאָהרען אַרויסשיקען די אידען אויך פון פוילישע דערפער, אויף דעם סמך, וואס די פויערים „פערלאַנגען פטור צו ווערען פון די אידען".

פונ'ם כלל אידען, וואס זיינען בעגרענצט אין „פראוואזשיטעלסטווע“, אין פרייער בעוועגונג און אין פרייען האנדעל, זיינען אויסגעקומען איינינע קאטעגאריעס, וואס זיינען נאך אין דער צייט פון אלעקסאנדער דעם צווייטען, מיט א יאהר 50 און איינינע ביי 40 צוריק, בעגנעדיגט געווארען מיט די פריווילעגיעס. די „גליקליכע אויסנאהמען“ זיינען: ערשטע גילדיע סוחרים; „ניקאלאיעווער סאלדאטען“, „קאנטאניסטען“, וואס זיינען שוין אלע כמעט אויסגעשטארבען פון עלטער; די וואס האבען געענדיגט הויך־שולעס — יוריסטען, דאקטוירים, אינזשענירען; טיילווייז אויך די וועלכע פערנעמען זיך מיט דער מעדיצינישער פראפעסיע — אקושערינס, דענטיסטען א. ד. גל., און אויך בעלי־מלאכות, וועלכע זיינען עקזאמענירט, רעגיסטרירט און בעשטעטיגט אין צעך.

אין גאנצען געפינען זיך עטליכע צעהנדליג טויזענד אידען, וואס האבען די זכיה צו געהערען צו די דאזיגע „פריווילעגירטע“ קאטעגאריעס. לויט דעם געזעץ פון 1865 יאהר האבען, ווי געזאגט, אויך איינינע סארטען בעלי־מלאכות דאס וואוינרעכט אויסער דער „טשערטא“. אין אמת'ען אבער האט בלויז א קליינע צאהל, דער אונבעדייטענדסטער פראצענט, זיך געקאנט בענוצען מיט דעם רעכט. איידער א איד א בעל־מלאכה בעקומט די קאזיאנע בעשטעטיגונג אויף זיין רעכט, דארף ער דורכגעהן שבעה מדורי גיהנם פון „אודאסטאווערעניעס“, פון עקזאמענעס און פאליציייאישע צוטשעפענישען. און פאקטיש ווערט דאס רעכט אנולירט און בטל פאר דער גרעסטער מעהר־הייט פון אידישע האנדווערקער.

בכלל דער גאנצער געזעץ פון יאהר 1865 וועגען דעם, וועלכע אידישע בעלי־מלאכות פון צעך מעגען און וועלכע טארען ניט וואוינען אויסער דעם „תחום“, איז א מאדנע שטיק געהיימנים, וואס כאראקטעריזירט דעם קאזיאנעם שכל הישר. פאר וואס, צום ביישפיעל, מעגען וואוינען „האנד־ווערקער“ פון טינט און וואקסע, פון סורגוטש (זיעגעל־לאק), פון „ראגאזשע“, פון קארק, פון זעק, ווי עס איז בפרוש אינ'ם געזעץ אויסגערעכענט, און פאר וואס זיינען שטרענג אויסגעשלאסען אזעלכע פראפעסיעס, ווי טאבאק־ארבייטער, זעצער און בכלל דרוקעריי ארבייט, מאליארעס (צימער־האנדווער־קעריי), שטוקאטור־ארבייט, זייף ארבייט, שוועבעל ארבייט א. אז. וו. נישט גערעדט שוין פון דעם, אז עס זיינען אין אלגעמיין אויסגעשלאסען פשוט ארבייטער פונ'ם כלל בעלי מלאכות.

טאמער איז א איד א בעל־מלאכה פון די גליקליכע פאכען, וואס האבען דעם זכות אויף „פראוואזשיטעלסטווא“, דורכגעקומען פארט די שבעה מדורי גיהנם און האט זיך בעזעצט אויסער דער „טשערטא“, מעג ער לויט'ן געזעץ

נאר דאן דארט וואוינען, אויב ער פערנעהמט זיך אויס־שליסליך מיט זיין מלאכה און טאר דערצו ניט צוהאנד־לען מיט פרעמדע האנד־ארבייט און אפטמאל אפילו מיט זיינע אייגענע פראדוקטען. טאמער כאפט איהם די פאליציי ביי אזא האנדעל, ווערט ער בעשטראפט פאר אזא פערברעכען פערזענליך אפטמאל מיט תפיסה, ווערט ארויסגעשיקט צוריק אין „תחום“ און זיין גאנצער האנדעלס־פערמעגען ווערט קאנפיסקירט. דאס איז דער בעוואוסטער „1171 פונקט“ פונ'ם געזעץ, דער שרעקליכער בייטש געגען אידען, וועלכען די פאליציי בענוצט זעהר אפט און וועלכער האט שוין אבגעקאסט ניט ווענינ אידישע טרערען. אזוי, למשל, איז בעשטראפט געווארען לויט אט דעם פונקט א איד א בעקער, וואס האט געהאנדעלט אויך מיט מעהל; א זייגער־מאכער, וואס האט געהאנדעלט מיט זייגערס, ווייל צו ניפשטעלען דעם זייגער איז אויסער זיין „מלאכה“.

אבער פיעל שרעקליכער פון דעם געשריבענעם געזעץ איז דאס אנ־ווענדען דעם געזעץ, דער געזעץ דורכגעפיהרט אין לעבען. ניט די טעאריע, נאר די פאליצייאישע פראקטיק. רוסישע פאליציי, וועלט־בעריהמט מיט איהר „פיינער“ לאגיק, האט עס די מאכט צו פסק'נען אלע שווערע שאלות פון אידישע רעכט. אין יאהר 1892 האט אלעקסאנדער דער דריטער בעשטעטיגט די פליכט פון דער פאליציי בודק צו זיין די אידישע וואוינרעכט אין די דערפער. שפעטער איז די פאליציי ניט איין מאל אויפ־געפאדערט געווארען אויף אזא בדיקה, ביז די לעצטע יאהרען איז עס גע־ווארען איינע פון איהרע הויפט־פונקציעס, וואס ברענגט איהר אריין א גאלדענע פרנסה — סיי פון די אידען, וואס טארען ניט וואוינען, סיי פון די וואס מעגען. געפינט די פאליציי אין דעם אידען'ס „פראוואזשיטעלסטווא“ עפעס א פגימה, שטעלט זי דעם שרעקליכען „רויטען שטאמפ“ אויפ'ן פאס־פארט — און אין 24 שעה מוז דער איד ליקווידירען אלע זיינע געשעפטען און ארויספאהרען. ווען ניט — שיקט מען איהם אוועק מיט'ן „עטאפ“, צוזאמען מיט זשוליקעס און פערד־גנבים. כדי אויסצוגעפינען די יעניגע פערברעכערישע אידען, וואס האבען עובר געווען אויף דער גזרה פון פראוואזשיטעלסטווא און האבען זיך אריינגעכאפט אויסער'ען „תחום“, אדער דא וועלכע האבען עפעס א פגימה אין זייערע רעכט, האט די פאליציי דעם בעסטען מיטעל — די „אבלאוועס“: געהיים, אין מיטען דער פינסטערער נאכט, פאנגט זי אן א יאגד אויף רעכטלאזע אידען און אידישע קינדער, וואס ליגען פערזונקען אין זייער שווערען נערוועזען שלאף.

דער ערשטער פאל פון מאסען־גירושים און „אבלאוועס“ איז געווען

דער גירוש מאָסקווא אין יאָהר 1891. ווי נאָר דער גרויספירכט סערגעי אַלעקסאנדראָוויטש, דעם צאַר'ס פּעטער, איז געוואָרען דער מאָסקווער „וויצע קעניג“, האָט ער תיכף בעפוילען, אַז מען זאָל כמעט אַלע אידען אַרויס־טרייבען פון דער „היילינער שטאָדט“. און באַלד טאַקע איז אַרויס אַ געזעץ, וואָס האָט אָבגענומען ביי אידישע בעלי־מלאָכות דאָס רעכט צו־וואוינען אין מאָסקווא און מאָסקווער גובערניע, שפּעטער האָט מען עס אָפּגענומען ביי די „ניקאָלאַיעווער סאָלדאַטען“, נאָך שפּעטער — ביי פעלדשערען, פאַר־מאַצעווטען א. ד. גל. און אין אַ משך פון נאָר אַ קורצער צייט האָט מען אַרויס־געטריבען פון מאָסקווא און רואינירט ביי 20 טויזענד אידען.

די שוידערליכע פאַקטען פונ'ם גירוש האָבען דאַן אויפגערודערט גאַנץ אייראָפּאַ. די צייטונגען האָבען געבראַכט פאַקטען, ווען אידען האָבען גע־בלאָנזשעט איבער די גאַסען פון מאָסקווע אין אַ פראָסט־נאַכט פון „ראָ־זשדעסטוואָ“ און אין קיין האָטעל האָט מען זיי ניט אריינגעלאָזען אויף נאַכטלעגער, האָבען זיי געמוזט הינטער שטאָדט אויפ'ן אידישען בית־עלמין נעכטיגען.

פאַר די לעצטע צעהן יאָהר האָבען די גירושים און „אָבלאַוועס“ אויפ־געהערט צו זיין אַ זעלטענהייט און אָנגענומען דעם שרעקליכען כאַראַקטער פון אַ טאָג־טעגליכער סכנה. בעת דעם יאַפּאַנישען קריעג האָט מען אַרויסגע־שיקט פון די צענטראַל־רוסישע שטעדט איינינע פאַמיליעס פון אידישע דאָקטוירים, וועלכע האָבען זיך אויפ'ן קריעגס־פּעלד געפונען, ווייל די פאַמיליעס האָבען ניט קיין „זעלבסטשטענדיגע פּראוואָזשיטעל־סטוואָ“, און מיט'ן אָפּפאָהרען פון זייערע שפּייזער, פערלירען זיי דאָס וואוינרעכט. אין אָקטאָבער 1911 האָט די מאָסקווער פּאָליציי געפאָדערט פון דער אקושערין האַוזנער, אַז זי זאָל אין משך פון 7 טעג לאָזען אַרויס־פאָהרען פון מאָסקווע איהר זוהן, אַ קינד פון פיער יאָהר, ווייל האַוזנער האָט ניט געוואוינט מיט איהר מאַן און אין אַזאַ פאַל האָט איהר קינד ניט געהאַט קיין „זעלבסטשטענדיגע פּראוואָזשיטעלסטוואָ“.

חוץ די בעשרענקונגען אין וואוינרעכט, איז איינע פון די הויפּט־גזירות אויף די בעשרענקונג אין פרייער בילדונג. פערציג יאָהר נאָכאַנאַנד האָט די רוסישע רעגירונג געשלעפּט מיט אַלע מיטלען די אידישע יוגענד אין די אַלגעמיינע שולעס, כדי צו מאַכען פון זיי „בירגער פון נוצליכע פּראָ־פעסיעס“, און די אידען האָבען זיך געלאָזט פיהרען. און פּלוצלונג, אין יאָהר 1887, האָט מען זיי אָבגעשטויסען צוריק, גראָב און ברוטאַל: עס איז דאַן איינגעפיהרט געוואָרען אַ „טשערטאַ“ אין בילדונג — אַ פּראָצענט־נאָרמע אין מיטעל־און הויך־שולעס. שפּעטער, אין די לעצטע יאָהרען, האָט

מען פיעלע בילדונגס־אַנשטאַלטען פאָלקאָם פערשלאָסען פאַר אידען — אייניגע גימנאַזיעס, אַלע לעהרער־סעמינאַריומס, עלעקטראָטעכנישען אינ־סטיטוט, דעם „אינסטיטוט פוטעי סאָאָבשטשעניאַ“ און פיעלע אַנדערע. אין יאָהר 1889 האָט מען פאַקטיש אויסגעשלאָסען אידען פון דער יורידישער פּראָפעסיע, ווייל מ'האָט בעמערקט, אַז אידען זיינען זעהר גענייגט צו דער פּראָפעסיע. פון די פּאָליטישע בעשרענקונגען דאַרף מען אָנווייזען, אַז אין יאָהר 1890 זיינען אידען אויסגעשלאָסען געוואָרען פון דער „זעמסקער זעלבסט־פערוואַלטונג“ און אין 1892 אויך פון שטאָדט־פערוואַלטונג, אין וועל־כער זיי האָבען ביז דאַן יאָ אַנטייל גענומען.

בעזונדערס אונערטרעגליך איז געוואָרען די אידישע לאַגע אין רוסלאַנד פאַר די לעצטע דרייצעהן יאָהר, זינט דעם פּאָגראָם אין קישינעוו. אין קיין שום אַקט פון דער רוסישער רעגירונג האָט די רעכטלאָזיגקייט פון די אידען ניט בעקומען אַזאַ שרייענדיגע אילוסטראַציע, ווי אין די פּאָגראָמען, און נאָך מעהר איידער אין די פּאָגראָמען גופא — אינ'ם שטענדיגען פּחד פאַר פּאָגראָמען. זינט דער ערשטער קישינעווער בלוטבאָד הענגט איבער'ן האַלז פון זעקס מיליאָן אידען דער אָנגעשאַרפטער חלף פון בלוטיגע פער־פאָלגונגען, פערבונדען מיט די גרויזאַמסטע פּייניגונגען, מיט פערגעוואַלטי־גונג פון אידישע פרויען, באַרבאַרישער ערמאָרדונג פון זויג־קינדער. די פּאָגראָמען זאָגען עדות, אַז די רוסישע הערשער זיינען נאָך נידערטרעכטיגער און ברוטאַלער, איידער דער רוסישער געזעץ. אפילו אין רוסלאַנד איז דער געזעץ אַזוי ווייט „הומאַן“, וואָס ער ערלויבט ניט קיינעם צו מאָרדען, צו רויבען און פערגעוואַלטיגען. מיט די פּאָגראָמען וויל אָבער די רעגיערונג בעשטעטיגען, אַז פאַר די אידען זיינען אפילו די עלעמענטאַרסטע געזעצען ניט געשריבען, אַז דער איד איז אבסאָלוט אויסערהאַלב דער מאָראַל.

דער געזעץ ערלויבט בפירוש אַלעמען אָנצוקומען צו „גערעכטען זעלבסט־שוץ“ געגען אַן אָנפאַל. נאָר די אידען טאָרען זיך ניט שיצען געגען די איבערפאַלער. בשעת די רעגירונג שיקט מיליטער צו בעשיצען די רויבער און מערדער, אַרעסטירט זי יענע אידען, וואָס פּרובען בעשיצען זייער לעבען און די עהרע פון זייערע שוועסטער, און פער'משפט זיי צו די שאַרפסטע שטראָפען. אַזוי האָט די רעגירונג אינסצענירט אין 1904 יאָהר אַ גראַנד־יאָזען פּראָצעס געגען די מיטגליעדער פון דעם אידישען זעלבסט־שוץ אין האָמעל און זיי פערורטיילט נאָך אַ לאַנגער צינישער פּראָצעדור.

פון 1903 ביז 1907 האָט די רעגירונג אָרגאַניזירט אידען־שחיטות אין העכער ווי 600 (זעקס הונדערט) שטעדט און קלענערע פּונקטען. **די דאָזיגע** בלוט־בעדער האָבען געהאַט אָפיציעל דעם ציעל נוקם זיין זיך אין די אידען

פאַר זייער אַנטיילנעהמען אין דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג; אין דער ווירקליכקייט אָבער האָט דאָ די רעגירונג פערפאָלגט אַ בעשטימטען פּאָלי־טישען צוועק — צו מאַכען די אידען פאַר דער „ליניע פונ׳ם קלענסטען ווידערשטאַנד“ אין דער געפעהרליכער אויפוואַכונג פונ׳ם גרויסען רוסישען פאָלק, און בעזונדערס פון די פינסטערע פּויערים־מאַסען. מען רוקט אונטער די אידען כדי אָבצואווענדען די געפאהר פון די אמת׳ע אינערליכע שונאים פון רוסישען פאָלק.

נאָך דער רעוואָלוציע האָט מען אַרויסגעגעבען אַ רייהע נייע בעשרענ־קונגס־געזעצען: אין יאָהר 1907 האָט מען אין גאַנצען פערהאַקט די טיהר פון סיביר פאַר די וואָס האָבען געענדיגט די הויך־שולען; מ׳האָט נאָך מעהר פערקלענערט די „פּראָצענט נאָרמע“ אין די שולעס; איינגעפיהרט דעם „גורל“ אויף אַריינצוטרעטען אין דער נאָרמע; מ׳האָט כמעט פערוועהרט אידען צו האלטען עקזאַמען אַלס „עקסטערנעס“ (15% נאָרמע), אין גאַנצען פערשלאָסען פאַר אידען אַ רייהע שולעס — מיט איין וואָרט, מ׳האָט מיט אַלע מיטלען געשטרעבט צו שטעלען די אידישע יוגענד להלוטין מצד דעם געזעץ און אַרויסצורייסען דאָס בוך פון איהרע הענט. מ׳האָט אויך (אין יאָהר 1912) צוגעמאַכט פאַר אידען די פּראָפעסיע פון געהילפס־אַדוואָקאַטען. מ׳האָט געציעלט צו טרעפען אויך דעם פערמעגליכען אידען: אַרויסגעגעבען אַ צירקולאַר וועגען „נאַציאָנאַליזירען“ דעם רוסישען האנדעל און קרעדיט, איינגעפיהרט אַ שטרענגע „פּראָצענט־נאָרמע“ פאַר אידען אין אַקציאָנערע געזעלשאַפטען און געשטרעבט אין גאַנצען זיי פון דאָרט אויסראָטען (שפּע־טער, אין צייט פון קריעג, איז די גזירה בטל געוואָרען).

נאָר, ווי געזאָגט, וויכטיגער פונ׳ם שלעכטען געזעץ איז דאָס דורכ־פיהרען איהם אין לעבען, דער גאַנצער פּאָליציייאישער אַפּאַראַט פון אידען־פערפאָלגונגען און זיין אַרבייט. מע האָט פון יאָהר 1908 ווידער מיט אַן אונערהערטער מערדעריי גענומען טרייבען אידען פון רוסישע שטעט און דערפער, בעזונדערס אין קיעווער, קורסקער, טאַמבאָווער, ניזשעגאָראָדסקער, וואָלינער גוב., מ׳האָט ברייט אויסגענוצט דעם בעוואוסטען „1171טען פונקט“ אום צו קאָנפיסקירען אידיש פערמעגען. „אָבלאַוועס“ זיינען געוואָרען אַ טעגליכע ערשיינונג. אַ בעליעבטען אָביעקט פון ראַפינירטע פּאָליצייאישע המצאות שטעלט מיט זיך פאָר יענע אַלטע גזירה, וועלכע בעשטראָפט דעם אידען מיט דריי הונדערט רובעל שטראָף פאר דעם, וואָס זיינער אַ קרוב האָט זיך ניט געשטעלט צו מיליטער־דיענסט. די דאָזיגע גזירה פאַלט מיט איהר גאַנצער לאַסט אויף די אָרימסטע אידישע עלטערן, וועמעס קינדער האָבען עמיגרירט פונ׳ם צארישען גיהנום. דאָ איז די פּאָליצייאישע פּראַקטיק

פול מיט די ווילדסטע קוריאָזען: מ׳נעהמט צו, צ. ב., דאָס לעצטע שטיקעל ברויט ביי אַ זקן, וועמעס אייניקעל איז געשטאָרבען נאָך פאַר דעם מיליטער-פליכטיגען עלטער, אָדער מ׳בעשטראָפט אַ פאָטער מיט 300 רובעל פאַר דעם איינציגען פערברעכען, וואָס זיין זוהן איז געפאַלען אין שלאַכט אלס פריי-וויליגער, איידער ער האָט זיך געדאַרפט שטעלען צום רעגולערען מיליטער-דיענסט...

מיר רעדען שוין ניט פון די בלוט-בלבולים („ריטועלע בעשולדיגונגען“, ווי מ׳רופט זיי אויפ׳ן קאַזיאָנעם לשון), וואָס די רעגירונג אָרגאַניזירט מיט אַלע מיטלען. מיט איין וואָרט, דער איד אין רוסלאַנד איז געוואָרען הפקר, די ראַפינירטע הפקרות, מיט וועלכער מ׳בעהאַנדעלט דעם אידען, פערסמ׳ט די אידישע נשמה און דעמאָראַליזירט דעם גאַנצען פאָליטישען אָרגאַניזם פונ׳ם קאָלאָסאַלען לאַנד.

ס׳איז אַ פערשפּרייטעטער טעות צו מיינען, אַז מיט די אַלע גרויזאַמע פערפאָלגונגען שטראָפט די רוסישע רעגירונג די אידען פאַר זייער „נאַציאָנאַלער אָפּגעזונדערטקייט“, אַז זי וויל די אידען אַסימילירען, רוסיפיצירען. ניין, דער אמת איז גראָד דער היפוך דערפון: בעת די רעגירונג שטרעבט אַלע אַנדערע פעלקער צו רוסיפיצירען, וויל זי די אידען איינפאַך פערניכטען, עוקר מן השורש זיין. די פּראָצענט-נאָרמע פאַר דער אידישער לערען-יוגענד זאָגט עדות מיט די גרויזאַמסטע צייכענס, אַז די רעגירונג וויל פאַר די אידען פערהאַקען די טירען צו דער רוסישער קולטור און צו אַסימילאַציע. און דערפון שטאַמט דאָס משונה׳דיגסטע, וואָס דוקא אין זינען פון נ א צ י אָ נ אַ ל ע ר ע כ ט געניסען די אידען אַ טרויעריגע „פּריווילעגיע“ אין פערגלייך מיט אַלע אַנדערע נאַציאָנען פון רוסלאַנד.

די רעגירונג פלעגט פערבאָטען דעם געברויך פון דער ליטווישער, פון דער אוקראַינישער שפּראַך, פערמאַכען פוילישע שולען, קאָנפיסקירען דעם נאַציאָנאַלען פערמעגען פון די אַרמענער, נאָר דוקא די אידישע שפּראַך און קולטור לאָזט זי צו-רוה. זי ערלויבט חדרים און פ ע ר ו ו ע ה ר ט צו לערנען אין די חדרים. זי האָט ערלויבט צייטונגען אין אידיש, ווייל עס איז אין די אינטערעסען פון דער רעגירונג, אַז די אידען זאָלען בלייבען ביי זייער נאַציאָנאַלער אינדיווידואַליטעט. זי וויל די אידען אויסראָטען, נאָר אַזוי לאַנג ווי אידען לעבען מוזען זיי בלייבען אָפּגעזונדערט.*)

*) דאָס איז טאַקע דער צוועק, צוליעב וואָס די רעגירונג האָט איינגעפיהרט פאַר די אידען אַ בעזונדערע וואַהל-קוריע (אין אייניגע געגענדען צו דער מלוכה-דומע און אין פוילען צו די מוניציפּאַליטעטען). ס׳וואָלט געווען לעכערליך צו זעהן אין דעם כאָטש אַ רמז אויף „נאַציאָנאַלע רעכט“.

אָדער נאָך ריכטיגער: די רוסישע הערשער ווילען גאָר ניט פערניכטען דאָס אידישע פאָלק. אדרבא, זיי נויטיגען זיך אין דעם, אַז שטענדיג זאָל זיין אין זייער גרויסער געפּייניגטער מדינה אַ פאָלק, וואָס איז רעכטלאָז און אָפּגעזונדערט, און דיעזעס פאָלק זאָל אייביג דיענען אַלס שעיר לעזאזל פאַר דער אונצופרידענהייט פון די רוסישע מאַסען. דעם בעסטען בעווייז ברענגט אונז דער פאַקט, אַז ווען צווישען דער אידישער יוגענד האָט זיך אָנגעהויבען אַ שמד־עפּידעמיע, האָט די רעגירונג באַלד גענומען שריט, כדי די גע׳שמד׳טע זאָלען ניט קריגען קיין גלייכע רעכט.

די רוסישע רעגירונג נויטיגט זיך אין די אידען, כדי זיי צו פּייניגען.*)

## 5.

## די אידישע רעכטלאָזיגקייט אין רומעניען

רומעניען איז ניט דאָס איינציגע לאַנד, וואו אידען ווערען בערויבט פון זייערע מענשליכע רעכט, געטריבען, פערפאָלגט און געפּייניגט. אין ערגעץ אָבער איז די אידישע רעכטלאָזיגקייט ניט אַזוי ציניש און פער־רעטעריש, פון יורידישען שטאַנדפּונקט. בשעת רומעניע איז אַנערקענט געוואָרען אַלס אַ זעלבסטשטענדיגע מלוכה, אין בערלינער קאָנגרעס פון 1878, האָבען די אייראָפּעאישע גרויסמעכטען, וואָס האָבען אונטערגעשריבען דעם בערלינער טראַקטאַט, פערפליכטעט די רומענישע רעגירונג אָבצושאַפען אַלע עקזיסטירענדע בעשרענקונגען און אויסנאַהם־

*) אַ שיינבאַרע און צופעליגע אויסנאַהם שטעלט מיט זיך פאָר דער בער־באָט פון אידישען טעאַטער, ארויסגעגעבען אין 1883 יאָהר; נאָך דער רעוואָ־לוציע איז די גזירה פאַקטיש בטל געוואָרען. — די אידישע קהלה־אָרדנונג אין רוסלאַנד איז ביז׳ן העכסטען גראַד פערפלאָנטערט און פערנאַכלעסיגט, זינט די רעגירונג האָט אין 1844 יאָהר אָפּגעשאַפט דעם „קאַהאַל“ און פון דער אַנדער זייט בעזאָרגט זיך דערמיט, אַז די רעגירונגס־הכנסות דורך דעם זעלביגען „קאַהאַל“ זאָלען אויף קיין האָר ניט געמינדערט ווערען. אין רוסיש־פּוילען איז די אידישע קהלה, לויט דעם אַלטען, נאָך פאַר־רוסישען געזעץ, געשטעלט אויף פעסטע יסודות פון זעלבסט־פערוואַלטונג און אָבליגאַטאָרישען שטייער־סיסטעם. לויט דעם סיסטעם האָבען דאָס וואַהל־רעכט צו דער קהלה בלויז אַזעלכע פערמעגליכע אידען, וואָס צאָהלען ניט ווייניגער ווי 15 רובעל יעהרליכען שטייער פאַר דער קהלה.

געזעצען געגען וועלכער ניט איז נאַציאָנאַליטעט און גלויבען און אויסגלייכען אַלע בירגער אין זייערע רעכט. דאָס איז געשטעלט געוואָרען אַלס בפירוש'ער תנאי, פון וועלכען ס'איז אָבהענגיג די אנערקענונג פון דער רומענישער זעלבסטשטענדיגקייט. טראָץ דעם אַלעם האָט די רומענישע רעגירונג ניט נאָר איבערגעלאָזט אַלע פריהערדיגע אויסנאהמס־געזעצען, נאָר מיט פער־שיעדענע יעזואיטישע דריידלעך איינגעפיהרט נייע גזירות און בעגרענצונגען און האָט דעם גרעסטען טייל פון דער אידישער בעפעלקערונג געשטעלט אין גאנצען אויסער דעם געזעץ, אין בוכשטעבליכען זין פון וואָרט — זי האָט איינפאך ערקלעהרט די אידען פאַר „פרעמדע“, „אויסלענדער“, וואָס האָבען נאָך דערצו ניט קיין אויסלענדישען שוץ.

די גאנצע געשיכטע פון די אידען אין רומעניע (זינט דעם 15 יאָהר־הונדערט), ד. ה. אין די צוויי פירשטענטימער מאָלדאַוויע און וואַלאַכיע, איז איין בלוטיגע סעריע פון גזרות, גירושים, רויבערייען, פאָגראָמען, עלילות־דם, שחיטות און רעליגיעזע פערגוואַלטונגען. דעם אידען פלעגט מען בע־האנדלען ווי אַ מצורע. מ'האָט זיך צו איהם ניט געטאָרט דערנעהנטערען, זיצען מיט איהם ביי איין טיש, אָנריהרען די זאכען צו וועלכע ער האָט זיך צוגעריהרט. אַ איד איז געווען פסול לעדות. אַ אידישער רופא איז געווען פערבאָטען.

אַ סך צרות האָבען די אידען געליטען פון די אָפטע רוסיש־טערקישע מלחמות, ווען די רוסישע אַרמעען האָבען אקופּירט די רומענישע פּראָווינצען. די קאָזאַקען פלעגען אויסקוילען גאַנצע אידישע קהלות. אין דער זעלבער צייט פלעגען די רומעניער ראַבעווען דאָס אידישע גוטס. דערביי זיינען פאָרגעקומען שרעקליכע גרויזאמקייטען. צ. ב. אין 1876 יאָהר, ווען אַ מחנה קאָזאַקען זיינען דורכגעגאנגען די אידישע גאַסען אין בוקאַרעשט. די משחיתים האָבען אויפגעשטאָכען אידישע קינד'ער אויף זייערע שפּיזען, זיי אָבגעבראָטען און אויפגעגעסען. און די אידען זיינען געווען געצוואונגען צו געבען כאַבאַר די רוסישע גענעראַלען, זיי זאָלען אַרויספיהרען די מאַנ־סטערס פון שטאָדט.

טראָץ די אַלע פערפאָלגונגען, האָבען אידען אין 1848, ווען די רעוואָלוציע האָט זיך פערשפּרייט איבער גאנץ אייראָפּא, געקעמפּפט פאַר רומענישער פרייהייט, און נאָך דער קרימער מלחמה, אז ס'האָט זיך אָנגעהויבען אין רומעניען אַ בעוועגונג צו פעראייניגען ביידע פירשטענטומער, האָבען די אידען דערינען גענומען אַ שטאַרקען אַנטייל, און ווי געוועהנליך זיינען זיי געווען דער שעיר לעזאזל אין קאַמפּף פון די צוויי פּאַרטייען, די אוניאָ־ניסטען און אַנטי־אוניאָניסטען (ד. ה. פאַר און געגען פעראייניגונג).

אין די צייטען פון אלעקסאנדער קוזא, דעם ערשטען פרינץ פון די פעראייניגטע פירשטענטומער, איז די אידישע לאגע עטוואס פערבעסערט געווארען, אבער אויך דאן האבען ניט אויפגעהערט די אונטערדריקונגען, פאגראמען און עלילות־דם. ווען די אידען האבען ניט נעגעבען דעם פרינץ קוזא די סומע געלד, וואס ער האט ביי זיי געפאדערט, האט ער אין קאנסטיטוציאנעלען געזעץ־פראיעקט אריינגעשטעלט א פונקט, וואס שליסט אויס פון וואהל־רעכט אלע ניט־קריסטען.

ווען דער דייטשער פרינץ קארל פאן האהענצאלערן (דער גרינדער פון דער יעצטיגער רומענישער דינאסטיע) האט אין יאהר 1866 פערנומען קוזא'ס פלאץ — איז דאס ערשטע בילד, וואס ער האט געזעהן אין זיין אריינפאהר אין בוקארעשט, געווען א אידישער פאגראם. די רעגיערונג האט דאן כלומר'שט צוגעגרייט א קאנסטיטוציאנס געזעץ־פראיעקט, מיט א פונקט (פאראגראף 6) אז „רעליגיע איז ניט קיין מניעה פאר נאטוראליזאציע". און מ'האט צוגעלעגט: „וואס אנבעלאנגט אידען וועט אויסגעארבייט ווערען א בעזונדער געזעץ, וואס זאל רעגולירען זייער רעכט אויף נאטוראליזאציע און אויך די בירגערליכע רעכט". גלייכצייטיג אבער האבען רעגיערונגס־אגענטען פראוואצירט דעמאנסטראציעס געגען דעם פונקט און ארגאניזירט באנדעס, וואס האבען געמאכט א פאגראם און בעפאלען די בוקארעשטער שול און מחלל געווען די ספרי תורות (30 יוני 1866). דער רעזולטאט איז געווען, אז מ'האט דעם פאראגראף 6 אפגעשאפט און אנשטאט דעם האט מען איינגעפיהרט פאראגראף זיבען (7), וואס לויטעט: „נאר אזעלכע פרעמדע קאנען נאטוראליזירט ווערען, וואס זיינען פון קריסטליכען גלויבען".

פאר דעם בערלינער קאנגרעס פון 1878 יאהר, וואו אלע באלקאנישע פראגען האבען געדארפט ארומגערעדט ווערען, האבען די אידישע ארגאניזאציעס אין פראנקרייך און ענגלאנד אויסגעאיבט א שטארקען איינפלוס אויף זייערע רעגירונגען, אז מ'זאל ביי די פערהאנדלונגען ניט פערגעסען אויך די לאגע פון די פערפאלגטע אידען. זייער השתדלות איז געקרוינט געווארען מיט ערפאלג. אויף דער זיצונג פון קאנגרעס דעם 24טען יוני האט דער פראנצויזישער דעלעגאט וואדינגטאן ערקלעהרט, אז די פראנצויזישע רעגיערונג שטעלט צווישען אנדערעס אלס בעדינג פאר דער סערבישער זעלבסטשטענדיגקייט — אויך די רעליגיעזע פרייהייט און גלייכבערעכטיגונג פון אלע בירגער אהן אונטער־שיעד פון רעליגיאן. ביסמארק האט דעם פארשלאג אונטערגעשטיצט. די ענגלישע דעלעגאטען, לארד ביקאנספיעלד און סאלסבורי, האבען אויפ־מערקזאם געמאכט אויף די נויטיגקייט צו פערברייטערען דעם פרינציפ אויף

אַלע אַטאָמאַנישע פּראָווינצען, וואָס נויטיגען זיך אין דער שטיצע פון די גרויסמעכטען. דער רוסישער דעלעגאַט, פּרינץ גאָרטשאַקאָף, האָט אַפּילו געפּרואווט זיך אַנטקעגענשטעלען און דערוויזען אַז רעליגיאָנס־פרייהייט האָט ניט צו טהאָן מיט גלייכע רעכט, און אַז אַזעלכע טאָר מען די אידען ניט געבען. אָבער נאָך דעם ווי ביסמאַרק האָט קאַטעגאָריש ערקלעהרט, אַז דייטשלאַנד שטעהט פאַר גלייכע רעכט לויט דעם פאָרשלאַג פון וואַדינגטאָן, און די פאָרשטעהער פון ענגלאַנד, עסטרייך, איטאַליען האָבען צו דעם צוגעשטימט — איז דער פּאַראַגראַף, אַז סערביע זאָל אַנערקענט ווערען זעלבסטשטענדיג מיט דער בעדינגונג פון רעליגיאָנס־פרייהייט און בירגער־ליכער גלייכבערעכטיגונג אָנגענומען געוואָרען איינשטימיג. שפּעטער האָט וואַדינגטאָן איבערגע'חזר'ט זיין פאָרשלאַג בנוגע רומעניען. דאָס מאָל איז שוין קיינער ניט געווען דאַגעגען. די שליחים פון דער רומענישער רעגיע־רונג האָבען די גאַנצע צייט אינטריגירט געגען די אידען. זעהענדיג, אַז זיי וועלען זיך ניט אַרויסדרעהען, האָבען זיי: אָרגעשלאָגען אַ ניט קלאָרע, כמעט גאָר ניט זאָגענדע פאָרמולע פון רעליגיעזער פרייהייט. דער איטאַ־ליענישער דעלעגאַט גראַף לאָנעי האָט געוואָלט מאַכען אַן ענדע צו די רומענישע אינטריגעס און פאָרגעשלאָגען, אַז מ'זאָל בפירוש און קלאָר בעשליסען, אַז די אידען אין רומעניען, וואָס זיינען ניט קיין אונטערטאַנער פון אַ פרעמדער מלוכה, זאָלען ווערען געזעצליכע רומענישע בירגער (ביז דאַן זיינען אידען געווען פערעכענט פאַר „פרעמדע"). צום אומגליק אָבער האָט דער פראַנצויזישער פאָרשטעהער, וואָס איז גראַדע געווען דער ראש־המדברים אין דער פראַגע, געדענקט אַז ס'איז ניט נויטיג ספּעציעל צו דערמאָנען די אידען אין פּונקט פון גלייכבערעכטיגונג, און האָט פאָרגע־שלאָגען אַן אַנדער נוסח, וואָס איז אַריין אין בערלינער טראַקטאַט אלס פּאַראַגראַף 44: „דער אונטערשיעד פון רעליגיע און רעליגיעזע איבער־צייגונגען טאָר ניט דיענען אין רומעניע אלס מאָטיוו אויסצושליסען אָדער ניט צו דערלאָזען געניסען בירגערליכע און פּאָליטישע רעכט, פערנעהמען רעגיערונגס און געזעלשאַפטליכע עמטער אָדער עהרען־פּאָסטען, פון פּראַק־טיצירען פערשיעדענע פּראָפעסיעס און מלאָכות אין אַלע טהיילען פון דער מלוכה. אַלע רומענער, ווי אויך פרעמדע, ווערט גאַראַנטירט פולע רעלי־גיעזע פרייהייט און אַ היעראַרכישע אָרגאַניזאַציע פון די פערשיעדענע אמונות, אַזוי אויך זאָל ניט געמאַכט ווערען קיינע אונטערשיעדען אין די בעציהונגען צו די רעליגיעזע הויפּט־פאָרשטעהער. אונטערטאַנען פון פרעמדע מלוכות — סוחרים און אַנדערע, אָהן אונטערשיעד — וועלען געניסען אין רומעניען פולע גלייכהייט אָהן אונטערשיעד פון רעליגיע."

דער פּונקט איז איינשטימיג אָנגענומען געוואָרען. לויט דעם פּאָר־שלאַג פון סאַליסבורי האָט דיזער פּונקט געדאַרפט איינגעשריבען ווערען אין דער רומענישער קאָנסטיטוציע.

די אידען און זייערע פריינד זיינען געוועזען אויסער זיך פון פרייד — די אידען־פראגע אין רומעניען איז געלעזט, ענדליך, מיט מזל... באלד אָבער האָבען זיי איינגעזעהן, אז זיי האָבען געהאט א ביטערען טעות.

די יעזואיטישע רומענישע שטאַטסלייט האָבען שוין געפונען אן אויס־וועג ווי אזוי ארויסצודרעהען זיך פון 44טען ארטיקעל. קודם כל האָבען זיי פּראָוואָצירט אין רומעניע מאַניפעסטאציעס און דעמאָנסטראַציעס געגען אידען און געגען די החלטות פון בערלינער קאָנגרעס. מ'האָט געסטראַשעט אויסצוקוילען מיט אמאָל אַלע אידען. מ'האָט געשריבען אז דער גאנצער קאָנגרעס איז נאָר א אידישע אינטריגע. און אין דער צייט, וואָס בולגאַריע, סערביע און מאָנטענעגראָ האָבען זיך אונטערגעוואָרפען די בעשלוסען פון קאָנגרעס, האָט רומעניען געשיקט שתדלנים אין אייראָפּא אויסצו'פּועל'ן ביי די קאַבינעטען מ'זאָל אַנערקענען די רומענישע אונאבהענגיגקייט אָהן דעם אַרטיקעל 44 — מיט דעם אויסרעד, אז ס'פאָלק איז געגען. אָנשטאָט דעם פּונקט 44 האָבען זיי געוואָלט יוצא זיין מיט'ן מאָדיפיצירטער פּאַרא־גראַף 7 פון דער רומענישער קאָנסטיטוציע.

דער תוך פון דיזען פּונקט איז, אז אידען קאָנען ביי געוויסע בעדינ־גונגען ווערען רומענישע בירגער. דער פּאַרלאַמענט דאַרף אָבער שטימען וועגען יעדען פאַל בעזונדער. רוסלאַנד האָט דערצו גלייך צוגעשטימט. עסטרייך האָט בלויז געפאָדערט רעכט פאַר עסטרייכישע אידען וואָס וואוינען אין רומעניע. דאָס זעלבע האָט געטהאָן איטאַליען. ענדליך האָבען אויך דייטשלאַנד, פראַנקרייך און ענגלאַנד אין א נאָטע פון 20 פעברואר 1880 צוגעשטימט צו דער רומענישער זעלבסטשטענדיגקייט מיט דעם תנאי זי זאָל אָבהיטען דעם דערמאָנטען 7טען פּונקט פון דער קאָנסטיטוציע.

אום צו שיטען זאמד אין די אויגען האָט די רומענישע רעגיערונג צוזאַ־מענגעשטעלט א ליסטע פון 883 אידען, וואָס האָבען זיך בעטהייליגט אין דער מלחמה אין 1877 יאָהר, און מ'האָט זיי נאַטוראַליזירט מיט אמאָל. אויסער דעם האָט מען נאַטוראַליזירט 57 איינצעלנע אידען. מיט דעם האָט זיך געענדיגט די טראַגי־קאָמעדיע פון אידישער גלייכבערעכטיגונג. אין פערלויף פון 21 יאָהר, ביז 1900, האָבען זיך נאַטוראַליזירט און בעקומען בירגער־רעכט בסך הכל 85 אידען.

אָנשטאָט צו היטען דעם בערלינער אָבמאַך און געבען אידען רעכט האָט די רעגירונג אָנגעהויבען סיסטעמאַטיש צו פערפאָלגען און בעגרענצען

די אידען, אז ס׳זאָל פאַר זיי זיין אונמעגליך צו פערבלייבען אין לאַנד. אום צו דערגרייכען דעם ציעל האָבען זיך אָנגעהויבען שיטען נייע גזרות. יעדער מיניסטער, סענאַטאָר, דעפּוטאַט, זשורנאַליסט האָט אויסגעטראַכט נייע פּלענער ווי אַזוי צו פערביטערען דאָס אידישע לעבען.

פון איין זייט האָט מען טאַקע אָנגענומען א געזעץ, אַז רעליגיע קאָן ניט זיין קיין שטערונג צו בירגערליכער און פּאָליטישער גלייכהייט, אָבער „פרעמדע“ (און די אידען ווערען גערעכענט פאַר „פרעמדע“, כאָטש זיי וואוינען שוין אין לאַנד הונדערטער און אפשר טויזענטער יאָהרען) קאָנען ווערען בירגער נאָר דורך א ספּעציעלען געזעץ, ד. ה. מיט דער צושטימונג פון פּאַרלאַמענט פאַר יעדען אידען בעזונדער, ווי ס׳איז אויבען דערמאָנט געוואָרען. אַזוי אַרום הייסט דאָס איז אי די פאָדערונג פון בערלינער טראַקטאַט כלומר׳שט נאָכגעגעבען, אי די אידען בלייבען רעכטלאָז ווי פריהער. און אום איינצופיהרען די נייע בעגרענצונגען געגען אידען — ווערען ביסלעכווייז אַלע אידישע מלאָכות און בעשעפטיגונגען ערקלעהרט אַלס „פּאָליטישע רעכט“, וואָס נאָר רומענישע בירגער קאָנען זיי פּראַקטיצירען.

איינס נאָכ׳ן צווייטען ווערען געפּאַסט געזעצען, אַז באַנק-בעאַמטע און אָנגעשטעלטע מוזען זיין רומענישע בירגער (1880), דאָסזעלבע מעקלער און חלפנים (1881), אידען טאָרען ניט פערקויפען קיין שטאַרקע משקאות אין דאָרפישע דיסטריקטען, אויך ניט אין די שטעט און שטעטלעך, „פרעמדע“ טאָרען זיך ניט פריי בעוועגען פון איין אָרט אין צווייטען אָהן בעזונדערער ערלויבניש (1881), „פרעמדע“ טאָרען זיך ניט בעטייליגען אין קאַמערץ-קאַמערען, האַנדעלס-ביכער מוזען געפיהרט ווערען אין רומעניש אָדער אין אַן אַנדער מאָדערנער אייראָפּעאישער שפּראַך (כדי אויסצושליסען העברעאיש און אידיש) (1866), די מעהרהייט אָנגעשטעלטע אין פּריוואַטע געזעלשאַפטען מוזען זיין רומענער, צוויי-דריטעל פון די אַרבייטער אין יעדער פאַבריק מוזען זיין רומענער (1887), „פרעמדע“ קינדער ווערען ניט אָנגענומען אין שולען, אפילו עלעמענטאַרע, סיידען ס׳בלייבט פרייער פּלאַץ נאָך די רומענישע, און דאַן ערשט מוזען זיי צאָהלען א ספּעציעלע טאַקסע (1887—93). (אין יאָהר 1898 האָט מען 11,200 — עלף טויזענד צוויי הונדערט — אידישע קינדער אויסגעשלאָסען פון שול-בילדונג), נאָר „רומענער“ האָבען א רעכט צו אַרבייטען ביי די באַהנען. אין יאָהר 1902 ווערט אַרויסגעגעבען א יעזואיטיש-דראַקאָנישער געזעץ, וואָס נעהמט צו ביי אַלע אידישע בעלי-מלאָכות זייער ברויט; דער געזעץ לויטעט: אום צו בעשעפטיגען זיך מיט וואָסער ס׳איז מלאָכה דאַרף מען האָבען א בעזונדער ערלויב-

ניש. „פרעמדע“ בעקומען ערלויבניש נאר דאן ווען זיי האבען א פאספארט און קאנען דערווייזען אז אין זייער לאנד האבען רומענער די זעלבע רעכט. און אזוי ווי אידען זיינען „פרעמדע“, און דערצו נאך אהן פאספארט, און קאנען ניט דערווייזען אז רומענער האבען דיזעלבע רעכט אין „זייער“ לאנד — ווערען זיי מיט איין מאל בערויבט פון זייער רעכט צו בעשעפטיגען זיך מיט אירגענד וועלכען פראפעסיע.

אין 1900 ווערט בעשטימט א נארמע פאר אידישע קינדער אין די שולען: פאר עלעמענטארע שולען 5½%, פאר מיטעלע 7½%. גלייכצייטיג שטערט מען אידען צו עפענען אייגענע שולען. א פערארדנונג פון מיניסטער פאדערט, אז אידישע פריוואטע שולען זאלען זיין אפען אין שבת, און ביים שטודיום פון אידישער רעליגיע זאלען די לעהרער און די קינדער זיצען אהן היטלען.

די רעגירונג האט זיך ניט בענוגענט מיט די געזעצען, וואס זאלען צווינגען די אידען אויסצואוואנדערען פון לאנד. אין יאהר 1881 איז גע־פאסט געווארען א ספעציעלער געזעץ, וואס אטאריזירט די רעגירונג ארויס־צוטרייבען יעדען „פרעמדען“, וועלכער איז ניט בעקוועם אין עפענטליכען לעבען. א ליאדע חשד, מסירה איז גענוג מ'זאל אין איין מעת לעת ארויס־טרייבען א אידען פון זיין היים און ארויסשיקען איהם פון לאנד. כלל־טוער, זשורנאליסטען, ארבייטער — אידען פון אלע שיכטען זיינען געפאלען א קרבן פון דעם געזעץ. און יעדער איד לעבט אין שטענדיגען שרעק אינ־גאנצען ארויסגעטריבען צו ווערען פון לאנד.

אין דער זעלבער צייט וואס אידען אלס „פרעמדע“ ווערען בערויבט פון זייערע מענשליכע און בירגערליכע רעכט, זיינען זיי אבער אונטער־ווארפען אלע בירגערליכע פליכטען; און ניט זייענדיג אפיציעל און געזעצליך גערעכענט פאר רומענישע אונטערטאנען, זיינען זיי דאך פער־פליכטעט צו מיליטער־דינסט. פאר'ן בערלינער טראקטאט האבען די רומענישע אידען געדינט צוזאמען מיט רומענער. אויסלענדער, ווי אומע־טום, זיינען פון מיליטער דינסט געוועזן פריי. נאכ'ן בערלינער טראקטאט האט מען ניט געוואוסט וואס צו טון. פערעכענען אידען פאר בירגער — מוזען זיי דאך בעקומען בירגערליכע רעכט. רעכענען זיי פאר אויסלענדער — דארפען זיי דאך זיין פריי פון מיליטער־דינסט. ביז מ'איז געפאלען אויף אן אריגינעלע רומענישע המצאה: „אויסלענדער וואס געניסען ניט קיין אויסלענדישע פראטעקציאן“. אין 1882 איז ארויס א געזעץ, אז אלע וואס זיינען געבוירען אין רומעניען און קאנען ניט דערווייזען אז זיי זיינען פער־פליכטעט צו דיענען אין אן אנדער לאנד — מוזען ערפילען זייער מיליטער־

דינסט אין רומעניען. מיט אזא ציינישער המצאה האט מען געצוואונגען די אידען צו פערגיסען זייער בלוט פאר דעם לאנד וואס ערקלעהרט זיי פאר אויסלענדער.

דערפאר אבער האט דער איד מעהר ווי זיין א פראסטער סאלדאט קיין רעכט ניט. אן „אויסלענדער“ מוז טאקע דינען, אבער דערהויבען ווערען צו א העכערען גראד טאר ער ניט. אום די בארבארישע געזעצען זאלען וואס שטרענגער אבגעהיט ווערען — מאכט מען אין פארלאמענט אפטע אינטערפעלאציעס, די מיניסטארען שיקען ארויס דראקאנישע ער־קלערונגען און צירקוליארען, אז מ'זאל מיט די אידען מחמיר זיין בחוט השערה — און די פאליציע פערשטעהט שוין וואס זי האט צו טאן, און פיהרט זיך אויף געגען אידען ברוטאל, מיסברויכט איהר מאכט, ענטזאגט אידען פון געזעצליכער שוץ, פיהרט איין ווילקירליכע פעראָרדנונגען; מ'צושטערט אידישע הייזער מיט היגיענישע אויסרעדען, מ'נעהמט צו זייערע שולען, האספיטעלער און אנדערע געזעלשאפטליכע געביידען, ניט צאהלענדיג די געזעצליכע בעלוינונג — מיט'ן אויסרעד, אז די אידישע קהלה איז ניט קיין יורידישע פערזאן.

און ווען מ'האט זיך אמאל געקלאגט אויף דער ברוטאליטעט פון דער פאליציע צום פרעפעקט פון בוקארעשט, האט ער געענטפערט:

„פרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט איז פאר אונז, רומענער, ניט פאר די אידען“.

.6

## די אידישע רעכט־לאגע אין עסטרייך

אין עסטרייך זיינען זינט 1867 יאהר אלע בירגער גלייכבערעכטיגט און קיין שום בעשרענקונגען פאר אידען, אלס אזעלכע, עקזיסטירען ניט אינ'ם געזעץ. אידען געניסען פולע פערזענליכע פרייהייטען און בירגערליך־פאליטישע רעכט צוגלייך מיט אלע אנדערע בירגער פון לאנד.

פ א ק ט י ש האט דער אנטיסעמיטיזם בעוויזען צוריק צו בעשרענקען די אידישע רעכט אין געוויסע פרטים, בעזונדערס אין דער שטאט וויען און אין דער פראווינץ גאליציען; פ א ק ט י ש האט די אידען־פיינדליכע פראקטיק פון דער גאליצישער אדמיניסטראציע אין די לעצטע צעהן־פופ־צעהן יאהר געבראכט די אידען אהן א שיער שאדען און זיי אפטמאל עקא־נאמיש רואינירט, קולטורעל דערנידעריגט און פאליטיש בעשרענקט, נאר

אינ'ם געזעץ אלס אזעלכען בלייבען די אידען, ווי פריהער, גלייכבערעכטיגט. בלויז איין מאל איז געמאכט געווארען א פערזוך אויף אפען־יורידיש צו בעגרעניצען די אידישע רעכט: סך הכל מיט אכט יאהר צוריק האט דער אנטיסעמיטישער דעפוטאט פון רייכסראט (רייכס־פארלא־מענט) שמידט אריינגעבראכט דעם פארשלאג איינצופיהרען א פראצענט־נארמע פאר דער אידישער שול־יוגענד. דער פארשלאג איז שיער ניט אנגענומען געווארען. נאר איין קלייניגקייט האט געפעהלט, אז עסטרייך זאל מאכען אן אנהויב און נאכמאכען די רוסישע „פאריאדקעס": בלויז מיט א פאר שטימען מעהרהייט איז גערעטעט געווארען דער פרינציפ פון אידישער גלייכבערעכטיגונג. דערוייל געניסען די אידען, אלזא, גלייכע בירגערליכע רעכט.

דערפאר אבער ליידען אידען אין עסטרייך פון נאציאנאלע רעכטלאזיגקייט. אין אט דעם לאנד, וועמעס פאליטיק שטעלט פאר א קלאסישען ביישפיעל פון נאציאנאלע קאנפליקטען, — וואו ניין פערשידענע פעלקער האלטען אין איין רייסען זיך, שוין באלד זיבעציג יאהר, פאר נאציאנאלע רעכט, נאציאנאלע פריווילעגיעס און איינפלוס, איז דאס אידישע פאלק, צום אונטערשייד פון אלע אנדערע ניט פעררעכענט פאר קיין פאלק און טאר ניט פרעטענדירען אויף דער בעפרידיגונג פון זיינע אינטערעסען. נאר לאמיר קודם זעהן, ווי אזוי די נאציאנאלע פראגע ווערט בכלל פערענטפערט אינ'ם עסטרייכישען געזעץ.

אין דער „אקטראאירטער" קאנסטיטוציע פון 7 מערץ 1849, וועלכע איז שפעטער געווארען די גרונדלאגע פון דער עסטרייכישער מלוכה, ווערט, אגב, פראקלאמירט: „אלע פאלקסשטאמען זיינען גלייכבערעכטיגט און יעדער פאלקסשטאם האט אן אונפערלעצליכעס רעכט אויפצוהאלטען און צו ענט־וויקלען זיין נאציאנאליטעט און שפראך". אט די ווערטער זיינען אריין אין דער היינטיגער קאנסטיטוציע, אין פאראגראף 19 פונ'ם „שטאטס־גרונד־געזעץ איבער די רעכט פון די שטאטס־בירגער". אינטערעסאנט איז אבער, וואס ביז איצט איז נאך ניט געלונגען אט דעם שעהנעם פאראגראף 19 צו פערוואנדלען אין א ווירקליכעס סיסטעם פון נאציאנאלע בעציהונגען. פאקטיש איז נאך אין עסטרייך אלין ניטא קיין פולע נאציאנאלע גלייכ־בערעכטיגונג, אלע פעלקער ווערען דארט מעהר אדער ווייניגער בעשרענקט, און דאס אידישע פאלק איז, אין שרייענדיגען ווידערשפרוך צו דער קאנ־סטיטוציע, איינגאנצען בערויבט פון זיינע נאציאנאלע רעכט.

עסטרייך איז צוטיילט אין אויטאנאמע פראווינצען („קרוינלענדער"), יעדע פראווינץ געניסט ברייטע זעלבסטפערוואלטונג אין די ענינים פון

פאָלקס־בילדונג און קולטור, פון לאָקאלער ווירטשאַפט, ווי צ. ב. די בענוצונג פון וועלדער און בערג, די דורכפיהרונג פון וועגען און אייזענבאַהנע, פון קאַנאַלען א. אַז. וו. אָן דער שפּיץ פון יעדער פּראָווינציעלער פערוואַלטונג שטעהט אַ געזעצגעבערישער לאַנדטאַג, גלייך ווי די לעגיסלייטשורס פון יעדען שטאַט אין אמעריקא, און אַ שטאַטהאַלטער מיט זיינע אונטערבעאַמטע. דער לאַנדטאַג ווערט געקליבען פון דער בעפעלקערונג דורך אַ פערפּראָפּאָרטען און העכסט אַנטי־דעמאָקראַטישען וואהל־סיסטעם, און דער שטאַטהאַלטער ווערט פון'ם קייסער בעשטימט. בכלל איז נאָך דער פּאַרלאַמענטאַריזם אין עסטרייך זעהר שוואַך ענטוויקעלט, און דאָס אַלגעמיינע וואהלרעכט איז דערווייל דורכגעפיהרט געוואָרען בלויז אינ'ם צענטראַלען פּאַרלאַמענט, דעם „רייכסראַט". די עסטרייכישע דעמאָקראַטיע געפינט זיך נאָך אין די וויקעלעך, און די פּראָווינציעלע אויטאָנאָמיע האָט דאָרט מיט דער דעמאָקראַטיע נאָך גאָר ניט צו טאָן. אין אַלע פּראָווינצען געהערט די הויפּט־מאַכט צו די פּריצים (לאַנדבעזיצער) און צו די העכערע גלחים, זיי בילדען די מעהרהייט אין די לאַנדטאַגען, און די שטאַטהאַלטערס ווערען אויך שטענדיג בעשטימט פון זייער מיט.

ס'פערשטעהט זיך ממילא, אז אָט די פערעלטערטע אָרדנונג גיט די מעגליכקייט דער נאַציאָנאַלער מעהרהייט פון איטליכער פּראָווינץ צו אונטערדריקען די נאַציאָנאַלע מינדערהייט, און ס'בעקומט זיך אַ שרעקליכער פּלאָנטער פון נאַציאָנאַלע תביעות און סכסוכים, ווייל גראָד אַ פּאָלק, וואָס האָט די מאַכט אין איין פּראָווינץ, איז צופעליג אַ מינדערהייט אין דער צווייטער פּראָווינץ. אַזוי ווערען די דייטשען אונטערגעדריקט אין טשעכיען, און די טשעכען, צוריק, פון די דייטשען אין נידער־עסטרייך; די פּאָליאַקען הערשען אין גאַליציען און ווערען בע'עול'ט אין שלעזיען; די איטאַליענער הערשען אין דאַלמאַציען (דוקא איבער אַ פּויערשער מעהרהייט פון סלאָווענער) און ליידען צרות פון די דייטשען אין טיראָל. און דער גאַנצער מיש־מאַש פון די פּראָווינציעלע פּאַרלאַמענטען טראָגט זיך אריבער אינ'ם צענטראַלען פּאַרלאַמענט. דאָס שאַפט אונאויפהערליכע שטערונגען פאַר דעם גאַנצען לעבען פון דער מלוכה און פּאַראַליזירט אָפטמאָל דאָס צענטראַלע נערוועןן־סיסטעם פון דער פּאָליטיק אין עסטרייך. כדי צו בערוהיגען די נאַציאָנאַלע אַפּעטיטען וואַרפט צו די צענטראַל־רעגירונג פון צייט צו צייט אַ הנחה דער אָדער יענער נאַציאָנאַלער גרופּע. איין נאַציע קריגט אַן אוניווערסיטעט, אָדער זי קומט אָפּ בלויז מיט אַ צוזאָג פון אַן אוניווערסיטעט אויף לעתיד לבוא, אַ צווייטע נאַציע קריגט איהרען אַ מיניסטער אין קאַבינעט, איהרען אַ שטאַטהאַלטער אין דער פּראָווינץ א. ד. גל.

דאָס דעמאָראַליזירט נאָך מעהר די פּאָליטישע מדות פון לאַנד, ווייל דאָס פיהרט צו אַ שטענדיגען שאַכער־מאַכער צווישען דער רעגירונג און די בירגערליך־נאַציאָנאַלע פּאַרטייען.

אַזוי איז דאָס, פערשטעהט זיך, אויך אין די „אידישע“ פּראָווינצען, ווי גאַליציען און בוקאָווינאַ: צוזאַמען מיט די ברייטע שיכטען פון דער אַלגעמיינער בעפעלקערונג זיינען אויך די אידישע מאַסען בערויבט פון וואהלרעכט און האָבען ניט קיין ברעקעל איינפלוס אויף דער לאַנד־פער־וואַלטונג. די קליינע הייפעל אידישע קאַפּיטאַליסטען און גרונדבעזיצער, וועלכע איז אויסגעקנעפּעלט מיט די קריסטליכע פּריצים, געניסט אויך איהר חלק פון די פּריצישע און קאַפּיטאַליסטישע פּריווילעגיעס און קאָן אַזוי אָדער אַנדערש פערטיידיגען איהרע אינטערעסען.

מיט איין וואָרט, אויב די אידישע מאַסען אין עסטרייך זיינען פאַקטיש בערויבט פון פּאָליטישע רעכט, איז דאָס בלויז אַ רעזולטאַט פון דער אַלגעמיינער פּאָליטישער רעכטלאָזיגקייט פון די גרויסע פּאָלקס־מאַסען, און דאָס האָט ניט צו טאָן מיט קיין שום ספּעציעלער אידישער לאַגע.

אין עסטרייך איז אָבער נאָך ביז׳ן היינטיגען טאָג ניטאָ קיין פּ ו ל־ש ט ע נ ד י ג ע רעליגיאָנס־פרייהייט. ס׳זיינען נאָך עד היום פערבאָטען געמישטע חתונות פאַר מיטגליעדער פון פערשיעדענע רעליגיעזע גרופּען: עס איז פערבאָטען אַ געמישטע הייראַט צווישען קריסטען און אידען, קריסטען און מוסולמאַנער א. אַז. וו. דערפאַר אָבער איז אַנערקענט דאָס רעכט אַרויסצוטרעטען פון איטליכער רעליגיעזער געמיינשאַפט און צו ערקלערען זיך פאַר „קאָנפעסיאָנסלאָז“, ד. ה. ניט־רעליגיעז. אַ סך וויכטיגער איז אָבער, וואָס די קאַטוילישע קירך האָט אַ גאַנצע סעריע פּאָליטישע פּריווי־לעגיעס אין פערגלייך מיט אַנדערע רעליגיעס: די קאַטוילישע בישאָפען און ערצבישאָפען קריעגען אַ בעזונדערע פערטרעטונג אין דער אויבער־שטער געזעצגעבונגס־קערפּערשאַפט פון דער אימפּעריע (אינ׳ם „הערען־הויז“) און אין די פּראָווינציעלע לאַנדטאַגען. די אידישע רעליגיע געניסט ניט פון דער פּריווילעגיע. אין די אוניווערסיטעטען זיינען פאַראַן ספּע־ציעלע קאַטויליש־טעאָלאָגישע פאַקולטעטען, אויסגעהאַלטען פון דער רע־גירונג, בעת די אידיש־טעאָלאָגישע לעהר־אַנשטאַלט ווערט בלויז אין אַ קליינער מאָס סובסידירט פון דער רעגירונג.

נאָר דאָס וואָלט שוין געווען פון די קלייניגקייטען, ווען די אידישע נ אַ צ י אָ ן וואָלט אַנערקענט געוואָרען, אַלס אַזעלכע, צוגלייך מיט אַלע אַנדערע פעלקער. דער בעגריף „אידישעס פאָלק“, „אידישע שפּראַך“, „אידישע קולטור“ עקזיסטירט ניט פאַר׳ן עסטרייכישען געזעץ, וועלכעס

רעכענט זיך דאָך מעהר אָדער וועניגער מיט אַלע אַנדערע שפּראכען און קולטורען. די אידען ווערען מיט געוואַלט צוגערעכענט צו אַנדערע נאַציאָנען, און ספּעציעל צו יענע, וואָס האָבען די מאַכט אין דער אָדער יענער פּראָווינץ. פאַר יעדער פּראָווינץ ווערען אַנערקענט צו צוויי אָדער דריי „לאַנדעס־איבליכע שפּראכען". די מייסטע אידען וואוינען אין גאַליציען, בוקאָווינא און וויען. אין גאַליציען זיינען „לנאַדעס־איבליך" די פּוילישע און די אוקראַאינישע (רוטעניש) שפּראַך, אין בוקאָווינא די דייטשע, די רומענישע, די פּוילישע און די אוקראַאינישע, אין וויען בלויז די דייטשע. אידיש ווערט אין ערגעץ ניט אַנערקענט פאַר „לאַנדעס־איבליך", ד. ה. אָנגענומען אינ׳ם געברויך פון דער פּראָווינץ.

צווישען אַלע ניין פעלקער פון עסטרייך פערנעהמען די אידען לויט זייער צאָהל (אַ מיליאָן מיט אַ פערטעל) דעם פינפטען פּלאַץ, אַ סך אַ גרעסערען פּלאַץ ווי די איטאַליענער, רומענער און סלאָווענען, נאָר קיינער רעכענט זיך ניט דערמיט. יעדער „לאַנדעס־איבליכע" שפּראַך האָט גרעסערע אָדער קלענערע רעכט אין דער פאָלקס־שול, אין עפענטליכער פערוואַלטונג, אין געריכט. די אידישע שפּראַך איז רעכטלאָז. דאָקומענטען אין אידיש (און העברעאיש) האָבען ניט קיין שום יורידישע קראַפט, אַ וועקסעל, געשריבען אין אידיש, ווערט אַבסאָלוט ניט אַנערקענט. אַלע שטאַטס־פעראָרדנונגען אין גאַליציען, צ. ב., ווערען פערעפענטליכט אין פּויליש און אוקראַאיניש, אין אַ איד, וועלכער קאָן ניט לעזען קיין אַנדער שפּראַך, חוץ אידיש, קאָן די פעראָרדנונגען ניט פערשטעהן. יעדע נאַציע דאַרף לויט׳ן געזעץ קריגען אַ געוויסע פּראָפּאָרציע צווישען די בעאַמטע פון לאַנד: עס מוזען זיין פּוילישע און אוקראַאינישע בעאמטע, נאָר ניט קיין אידישע, ווייל די אידען זיינען דאָך קיין נאַציאָן ניט. ווען אַ איד ווערט געשטעלט צו געריכט, מוז ער אָפּגעבען זיין פערטיידיגונג אין אַ פרעמדער שפּראַך, ניט אין אידיש, בעת אַן אוקראַאינער, אַ רומענער, אַ סלאָווענער קאָנען זיך פערטיידיגען אין זייער מוטער־שפּראַך. ס׳איז לייכט זיך פאָרצושטעלען, ווי שעדליך דאָס רופט זיך אָפּ אויף די אינטערעסען פון אַ אידישען אָנגע־קלאָגטען, ווען ער מוז זיך פערשטענדיגען מיט די ריכטער אין אַ פרעמדער, אונגעוואוינטער און ניט־היימישער שפּראַך, בשעת זיין געגנער אין דעמ־זעלבען געריכט קאָן פריי אויסדריקען זיינע געדאַנקען אין דער היימישער שפּראַך.

אַ דאַנק דער נאַציאָנאַלער פערשיעדענאַרטיגקייט פון דער בעפעלקע־רונג שפּיעלט אין עסטרייך אַ גרויסע ראָלע די רובריק פון „אומגאַנגס־שפּראַך" ביי דער פאָלקס־צעהלונג. אַלגעמיינע פאָלקס־צעהלונגען ווערען

געמאכט אלע צעהן יאהר, און שטענדיג זיינען די אידען געצוואונגען אנ־צוגעבען א פרעמדע שפראך, — פערשטעהט זיך, די שפראך פון דער הער־שענדיגער מעהרהייט. די אכט הונדערט טויזענד אידען פון גאליציען ווערען מיט א מאל „פאליאקען", און דערמיט ווערט געפעלשט דער גאנצער פאקטישער צושטאנד פון דער פראווינץ. באמת'ען וואוינען אין גאליציען אוקראאינער כמעט אזוי פיעל, וויפיעל פאליאקען. נאר אז מ'רעכענט צו אלע אידען צו די פאליאקען, קומט דעמאלט אויס, אז די פאליאקען זיינען די מעהרהייט, און זיי קומען גרעסערע פריווילעגיעס, קריגען די פאליאקען שוין „על פי יושר" די מעהרהייט שטימען אין דער רעגירונג. אזוי ווערען די אידישע מאסען בענוצט פון די שטארקע און פריווילעגירטע, כדי נאך מעהר צו אונטערדריקען די שוואכערע פעלקער. אין מעהרען ווערען די אידען צוגערעכענט צו די דייטשען, כדי צו בעשרענקען די רעכט פון די טשעכען. און דאס גיט צו נייעם שטאף פאר אנטיסעמיטישע העצעס.

ניט האבענדיג קיין אייגענעם זעלבשטענדיגען נאציאנאלען ווערט, פערוואנדלען זיך די אידען ממילא אין אן אנטינאציאנאלען מיטעל פאר אונטערדריקונג. און דורך דעם ווערט פערשארפט די בעציהונג צווישען אידען און ניט־אידען, דער אנטיסעמיטיזם שעפט נייע שפייז פון אט דער אונגעזונטער לאגע. די אידען ווערען אן אביעקט פון אלגעמיינער שנאה און פעראכטונג.

אין א לאנד, וואו די לופט איז אנגעזאפט מיט נאציאנאלע געפיהלען און מיט נאציאנאלע טענות, האט בירגערליכע גלייכבערעכטיגונג אליין בלויז א בעשרענקטען ווערט. א בירגער קאן ניט האבען די אמת'ע ווערדע פון א בירגער, ווען ער געהערט צו א פאלק, וואס האט ניט קיין פולע ווערדע פון א פאלק. אויב זיינע פערזענליכע און בירגערליכע רעכט זיינען ניט בעשרענקט טעארעטיש אויפ'ן פאפיר, ווערען זיי בעשרענקט פראקטיש אין לעבען. און דער טרויעריגער אמת איז, אז די אידען אין עסטרייך ווערען, ניט קוקענדיג אויף בירגערליכער עמאנסיפאציע, דאך אלץ פערפאלגט סיי פון דער רעגירונג, סיי נאך א סך מעהר פון דער ארטיגער אדמיניסטראציע און פון דער קריסטליכער בעפעלקערונג.

די אנטיסעמיטישע אדמיניסטראציע פון ניעדער־עסטרייך האט אין לויף פון יאהרען דורך דראסטישע צירקולארען געמאכט א תל פון א גאנצער סעריע אידישע פרנסות, דאס לעבען פון טויזענטער אידישע פאקענטרעגער („הויזירער") איז פערוואנדעלט געווארען אין אן אונענדליכען גיהנום; די אידישע שטאדט־בעאמטע זיינען אלע אפגעזאגט געווארען פון זייערע שטעלעס, די פראסטע אידישע ארבייטער ביי די אייזענבאהנען, און ביי

די עלעקטרישע שטאָדט־טראַמוואַיען זיינען אַלע ארויסגעוואָרפען געוואָרען אויפ'ן גאַס; נייע שטרענגע געזעצען וועגען אָבליגאַטאָרישע פאַך־גענאָסענ־שאַפטען („צעכען") ווערען בענוצט, כדי צו שטערען די אידען דאָס רעכט צו פערנעהמען זיך מיט האַנדעל און מלאָכה. אידען ווערען ניט צוגעלאָזט צום מאָנאָפּאָליזירטען טאַבאַק־האַנדעל א. אז. וו.

אין גאַליציען אונטערשטיצט דער סעים (לאַנדטאַג) מיט פינאַנציע־לע מיטלען (וואָס ווערען גענומען אויך פון די אידישע שטייער־צאָהלער) א גאַנצע סעריע אַנטיסעמיטישע קאָאָפּעראַטיווען, וועלכע שטרעבען ארויסצו־שטופּען דעם אידען פונ'ם האַנדעל. דער קרעדיט אין דער רעגירונגס־באַנק איז ברייט אָפען פאַר יעדער אַנטיסעמיטישער אונטערנעהמונג און פער־שלאָסען פאַר די אידען. דער סעים האָט אין 1910 יאָהר פּלוצלונג צוגענומען ביי טויזענטער אידען די „פּראָפּינאַציע", ד. ה. די פּאַטענטען צו האַנדלען מיט בראָמפען און אָפּגעגעבען עס צו זייערע קריסטליכע קאָנקורענטען. אין 1913 יאָהר האָט דער סעים פּלוצלונג קאָנפיסצירט ביי די הענדלער (ד. ה. בעיקר ביי די אידען) דעם גאַנצען פאָרראַט שוועבעלאַך, אויף דעם ווערט פון עטליכע מיליאָן קראָנען: דער אויסרייד איז געווען, אז די דאָזיגע שוועבעלעך זיינען שעדליך פאַר'ן געזונט. די שטרענגע געזעצען וועגען זונטאָג־רוה ווערען בענוצט, כדי צו שעדיגען די אידישע הענדלער און בעלי־מלאכות. — מיט איין וואָרט, ניט האָבענדיג קיין מאַכט צו בעשרענקען על פּי געזעץ די פּערזענליכע און בירגערליכע רעכט פון די אידען, מיהען זיך די פּוילישע הערשער פון גאַליציען דורך פּאָליצייאישער פּראַקטיק צו רואינירען די אידען עקאָנאָמיש, און צו דערנידריגען זיי מאָראַליש.

דאָס לאַנד־מיניסטעריום פון פאָלקס־בילדונג (לאַנדעס־אויסשוס) אין גאַליציען פערשפּרייטען אין די שולען אַזוינע לערנביכער, וואָס ענטהאַלטען אַנטיסעמיטישע העצעס און אָנצוהערענישען, שטעלט אָן אַנטיסעמיטען פאַר לעהרער אין די שולען. קאַטוילישע מאָנאַכען גנב'ען צו אידישע קינדער, פערשפּאַרען זיי אין די קלויסטערס און שמד'ען זיי דאָרט אָפּ. אַזוינע פאַלען טרעפען כמעט יעדע וואָך, און לית דין ולית דיין. ס'העלפט ניט קיין קלאָגען זיך פון די עלטערען, אבי די גלחים ערקלעהרען, אז דאָס קינד האָט זיך גע'שמד'ט מיט זיין גוטען ווילען... געריכטליכע פּראָצעסען מיט עלילת דם זיינען אויך ניט אומבעקאַנט אין עסטרייך: גענוג נאָר צו דער־מאָהנען דעם שענדליכען פּראָצעס אין פּאָלנאַ, וואו דער איד הילזנער איז צוויי מאָל פּעראורטיילט געוואָרען צו טויט־שטראָף.

און קיינער איז ניטאָ אין לאַנדטאַג און אין צענטראַלען פּאַרלאַמענט, ווער ס'זאָל זיך פאַר די אידען איינשטעלען. די אַסימילאַטאָרישע אידען

האבען אפילו שוין פון לאנג א פערבאנד פאר רעכט־שוץ, „די עסטרייכיש־איזראעליטישע אוניאן“, נאר די לעצטע האט ניט דערגרייכט קיין שום וויכטיגע רעזולטאטען, ווייל זי האט מורא צו בעטאנען די נאציאנאלע זייט פון דער אידען־פראגע. אזוי ווי די אידען ווערען פעררעכענט צו די אנדערע פעלקער, וואלטען על פי יושר געדארפט אט די פעלקער זיך איינשטע־לען פאר זייערע אידען. איז אבער די צרה, וואס סיי דער פוילישער קלוב, סיי דער דייטש־נאציאנאלער פערבאנד אין פארלאמענט זיינען איינער דעם צווייטען ווערט מיט זייער אנטיסעמיטיזם. די רעגירונג, צוריק, רעכענט זיך ניט מיט קיין שום אנפראגע און פאדערונג, וואס ווערט ניט אונטערשטיצט פון א בעדייטענדער פארטיי אין פארלאמענט. בלייבט, אלזא, די סאציאל־דעמאקראטישע פארטיי. די לעצטע איז ניט אנטיסעמיטיש, חלילה, זי איז נאר אזוי זיך אנגעהויכט פון אידען־פעראכטונג. זי ערקלעהרט, אז זי וויל ניט ווערען קיין „שוץ־טרופע פאר אידען“... אינ'ם געזעץ־פראיעקט, וואס איז אריינגעבראכט געווארען פון דער סאציאל־דעמאקראטישער פארלא־מענטס־פראקציע צו געבען רעגירונגס־שטיצע פאר די מינאריטעטס־שולען (אין 1912 יאהר), זיינען אויסגערעכענט געווארען ביים נאמען אלע פעלקער, נאר בכיון ניט די אידען. די אפיציעלע פיהרער פון דער עסטרייכישער סאציאל־דעמאקראטיע האלטען ניט די אידען פאר קיין נאציע.

קיין חדוש ניט, וואס אידען ווערען ניט אנערקענט ביי די פראווינציעלע וואהל־רעפארמען, וואס ווערען געמאכט אין משך פון די לעצטע צעהן יאהר. אין 1907 יאהר האט מען אין מעהרען געבילדעט צוויי וואהל־קוריעס, א דייטשע און א טשעכישע, וואו יעדע נאציע מוז בעזונדער אויסוועהלען איהרע דעפוטאטען אין לאנדטאג. די ציוניסטען האבען פערלאנגט א אידישע קוריע, נאר מ'האט זיי ענטזאגט, און די אידען מוזען שטימען אין דער דייטשער קוריע.

אין בוקאווינא וואוינען פינף נאציאנען, און פון זיי זיינען די אידען די דריטע לויט דער צאהל, א סך מעהר, איידער דייטשען און פאליאקען. ביי דער וואהל־רעפארם צום בוקאווינישען סעים אין 1909 יאהר האט דער סעים אליין בעשלאסען, אז צווישען די נאציאנאלע קוריעס זאל אויך זיין א אידישע. נאר די אידישע אסימילאטארען האבען זיך משתדל געווען אין וויען ביי דער צענטראל־רעגירונג, אז די לעצטע זאל ניט צולאזען קיין אידישע קוריע, און די רעגירונג האט זיי געפאלגט: די אידען ווערען אין דער בוקאווינא צוגערעכענט צו די דייטשען. דאס איז אפילו שעדליך פאר די דייטשען גופא, ווייל זיי ווערען אין דער „דייטשער“ קוריע איינפאך בטל בששים צווישען די אידען, און כמעט אלע דעפוטאטען ווערען גע־

וועהלט פון די אידען. נאָר אַפילו די דייטשע פּראָטעסטען העלפען ניט: וויען וויל ניט אַנערקענען קיין אידישע נאַציע.

די ערשטע, וואָס האָבען פערשטאַנען דעם צוזאַמענהאַנג צווישען דער נאַציאָנאַלער און דער בירגערליכער גלייכבערעכטיגונג, זיינען געווען אין עסטרייך די פּועלי־ציון („די אידישע סאָציאַליסטישע אַרבייטער־פּאַרטיי פּועלי־ציון"). מיט צוועלף יאָהר צוריק האָבען זיי די ערשטע פאָרמולירט די פאָדערונגען פון נאַציאָנאַלער גלייכבערעכטיגונג און נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע. ערשט שפּעטער זיינען די פאָדערונגען אויפגענומען געוואָרען אָפיציעל פון די אַלגעמיינע ציוניסטען און נאָך אַלץ ניט אָפיציעל און ניט קאָנסעקווענט פון דער „איד. סאָצ.־דעמ. פּאַרטיי" (דעם גאַליצישען „בונד"). בשעת דער וואַהל־רעפאָרם צום פּאַרלאַמענט אין 1905 און 1906 יאָהר האָבען די פּועלי־ציון אויפגעהויבען אַ ברייטע פאָלקס־בעוועגונג אין גאַליציען צו פערלענגען פּראָפּאָרציאָנעלעס וואַהל־רעכט פאַר די אידען. ווען דער אסימילאַטאָרישער פיהרער ע. ביק האָט אַראַנזשירט אין לעמבערג אַ צוזאַמענפאָהר צו בעקעמפען די אידישע פאָדערונגען, זיינען די פּועלי־ציון בעפאַלען דעם פערזאַמלונגס־זאַל און געצוואונגען שליסען דעם צוזאַמענפאָהר. באַלד נאָך דעם האָבען זיי אין פערבינדונג מיט די ציוניסטען צונויפגערופען אין איין וואָך 250 פאָלקס־פערזאַמלונגען איבער גאַנץ גאַליציען, און 250 פּעטיציעס זיינען געשיקט געוואָרען קיין ווין צו פאָדערען אַ אידישע פערטרעטערשאַפט אין פּאַרלאַמענט.

אַ געוויסען ערפאָלג האָט די בעוועגונג דאָך געהאַט: די רעגירונג איז געצוואונגען געווען אויסצוטיילען אין גאַליציען זעקס וואַהל־קרייזען מיט אַ אידישער מעהרהייט, און ביי די נעכסטע וואַהלען זיינען אויסגעקליבען געוואָרען דריי ציוניסטען. צוזאַמען מיט'ן דעפּוטאַט פון טשערנאָוויץ, בענאָ שטרויכער, האָבען זיי געבילדעט דעם ערשטען „נאַציאָנאַלען אידישען קלוב" אין פּאַרלאַמענט. ביי די צווייטע וואַהלען אין פיער יאָהר אַרום האָט די רעגירונג געשלאָסען אַ געהיימען אָפּמאַך מיט די פּוילישע סאָציאַל־דעמאָקראַטען צום צוועק צו פערניכטען די אידיש־נאַציאָנאַלע קאַנדידאַטען. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז אַלע ציוניסטען זיינען דורכגעפאַלען ביי די וואַהלען, אַ דאַנק דעם אונערהערטען טעראָריזם פון דער אַדמיניסטראַציע און די וואַהל־פעלשונגען, און דער שפּיץ פון טעראָריזם איז דערגרייכט געוואָרען ביי דעם בעקאַנטען בלוטבאָד אין דראָהאָביטש.

ביי דער לעצטער פאָלקס־צעהלונג פון 1910 יאָהר האָבען די פּועלי־ציון אויפגעהויבען אַ גרויסע פאָלקס־בעוועגונג, צו פערשרייבען אין די סטאַטיסטישע בויגענס די אידישע „אומגאַנגס־שפּראַך". צו די פּועלי־ציון זיינען

אין דעם פּרט צוגעשטאַנען אויך די בונדיסטען און די ציוניסטען, און הונדערטער טויזענטער אידען האָבען געפאָלגט דעם רוף. נאָר די גאַליציישע רעגירונג האָט אָנגענומען די שאַרפסטע מיטלען צו צווינגען די אידען, זיי זאָלען זאָגען אַ ליגען און אָנגעבען פּויליש אַלס זייער שפּראַך. יעדען אידען, וואָס האָט אָנגעגעבען „אידיש", האָט מען בעשטראָפט מיט 40 קראָנען אָדער מיט 4 טאָג אַרעסט, און די רעגירונגס־בעאַמטע האָבען סיסטעמאַטיש מיט די אייגענע הענט אויסגעשטראָכען „אידיש" פון די ליסטען און פערביטען אויף „פּויליש".

ביי דער וואהל־רעפאָרם צום גאַליצישען סעים אין די לעצטע פאַר יאָהר פאַר דער מלחמה האָבען די פּועלי־ציון און די ציוניסטען אַרויסגעשטעלט די פאָדערונג פון אַ בעזונדערער אידישער קוריע, ווייל די רעפאָרם האָט אורשפּרינגליך געזאָלט שאַפען בלויז צוויי קוריעס, די פּוילישע און די אוקראַאינישע און די אידען צורעכענען צו די פּאָליאַקען. געגען דער פאָדערונג פון אַ אידישער קוריע זיינען אַרויס די אַסימילאַטאָרען און די בונדיסטען. אָבער דער פּראָיעקט פון קוריעס בכלל איז אין גיכען פערוואָרפען געוואָרען, און די אידישע בעוועגונג האָט אָנגעוואָרען איהר לאָזונג און איהר קראַפט ביי אָט דעם פונקט. דער רעזולטאַט איז, וואָס מ'האָט אויסגעטיילט צוויי סאָרטען נאַציאָנאַלע וואהלקרייזען: פּוילישע וואהלקרייזען מיט אַ פּוילישער מעהרהייט און רוטענישע וואהלקרייזען מיט אַ רוטענישער מעהרהייט. פאַר די אידען איז מען יוצא געווען דערמיט, וואָס מ'האָט אויסגעטיילט זעקס אידישע שטעדט, און אויך דאָרט געמאַכט דאָס וואהל־סיסטעם אַזוי, אַז די אַסימילאַטאָרישע קאַפּיטאַליסטישע „משה רבינו'ס פּאָליאַקען" זאָלען פערוואָרענט ווערען מיט זייערע ביז־איצטיגע פּריווילעגיעס.

ס'איז נאָך נויטיג צו געבען אַן אַלגעמיינע שילדערונג פון דער אידישער קהלה־אָרדנונג אין עסטרייך.

אַלע רעליגיעס ווערען געזעצליך קאָנסטיטואירט אויפ'ן יסוד פון קהלה־אויטאָנאָמיע. יעדע קהלה („קולטוס־געמיינדע") האָט דאָס רעכט אויס צואַרבייטען פאַר זיך איהרע אייגענע אָרדנונגען, און די לעצטע דאַרפען בעשטעטיגט ווערען פון דער רעגירונג. די קהלות געניסען פולע רעכט פון צוואַנג בנוגע צו זייערע מיטגליעדער. ביסט דו אַ איד, מוזסט דו געהערען צו דער אידישער קהלה פון דיין שטאָדט, און די קהלה לעגט אויף דיר אַרויף שטייערן, וועלכע ווערען אויפגעמאָהנט דורך די רעגירונגס־אָרגאַנען. די אידישע קהלה ווערט פערוואַלטעט פון אַ געוועהלטען קאָמיטעט („קולטוס־פאָרשטאַנד"), און די קהלה קאָן ביי זיך איינפיהרען אפילו אַלגעמיינעס וואהלרעכט, דעמאָקראַטישע אָרדנונגען און פּראָגרעסיווע שטייער אויף

די הכנסות. די קהלה באַזירט אויף ריין רעליגיעזע יסודות, נאָר, אויב זי וויל, מעג זי אויף זיך נעהמען דעם פולען קאָנטראָל איבער גרויסע סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע בעדערפנישען. זי קאָן איבערנעהמען די צדקה־אַנשטאַלטען פאַר איהרע מיטגליעדער, די קולטורעלע און דערציהונגס־ארבייט, די רעגו־לירונג פון ז׳ער עמיגראַציע, די גרינדונג פון „עמפּלאָימענט־אָפּיסעס“ (צו זוכען ארבייט פאַר אַרבייטסלאָזע), די פערמיטלונג אין קאָנפליקטען צווישען קאַפּיטאַליסטען און אַרבייטער, די גרינדונג פון קאָאָפּעראַטיווע געזעל־שאַפטען, סטאַטיסטישע פאָרשונגען א. אז. וו. נאָך מעהר, די קהלות פון אַלע שטעדט האָבען דאָס רעכט צו פעראייניגען זיך אין איין פערבאַנד פאַר דער גאַנצער עסטרייכישער אימפּעריע. הקיצור, דאָס געזעץ גיט די אידען די מעגליכקייט צו שאַפען זיך פריי מיט אַלע זייערע נאַציאָנאַלע עניני:ב, עס דאַרף בלויז טראָגען דעם נ אָ מ ע ן פון רעליגיעזע ענינים. ווען די מנהיגים פון עסטרייכישען אידענטום וואָלטען נאָר געוואָלט, האָבען זיי די פולע מעגליכקייט צו שאַפען אַ נאַציאָנאַל־אויטאָנאָמען פערבאַנד פון אַלע אידען אין לאַנד, אויף סאָציאַלע, נאַציאָנאַלע און דעמאָקראַטישע יסודות. די רעגירונג וואָלט דאָס, אפשר, ניט ערלויבט, דערוויל אָבער פלעגט זי נאָך ניט שטעלען קיינע מניעות פאַר דער ענטוויקלונג פון אידישען קהלה־לעבען.

אזוי איז דאָס געזעץ. פאַקטיש אָבער איז די לאַגע פונקט דער היפּוך. די אַסימילאַטאָרישע און קאַפּיטאַליסטישע „פיהרער“ פון עסטרייכישען אידענטום זיינען אויך פאַקטיש די גאַנצע דעה־זאָגער פון דער קהלה־פער־וואַלטונג. זיי האָבען אין אַלע קהלות איינגעפיהרט וואהל־פּריווילעגיעס פאַר די רייכע און האָבען צוגענומען דאָס וואהל־רעכט ביי די ברייטע פאָלקס־מאַסען. קיין שום נאַציאָנאַלע טעטיגקייט לאָזען זיי ניט צו, זייער גאַנצע ארבייט טראָגט אַ קאַזיאָנעם, ביוראָקראַטישען כאַראַקטער, און בעשרענקט זיך מיט „רעליגיאָן“ און „פילאַנטראָפּיע“. די נאַציאָנאַלע בעוועגונג צווי־שען די אידען אין עסטרייך האָט אין זינען אויך צו רעפאָרמירען די קהלה: דאָס עסטרייכישע געזעץ גיט די מעגליכקייט דאָס צו טאָן, נאָר די פיהרער פון דער קהלה האַלטען די מאַכט זעהר פעסט און לאָזען ניט אויסנוצען דאָס געזעץ לטובת די נאַציאָנאַל־אידישע בעדערפנישען. די אידישע סאָציאַ־ליסטען פון אסימילאַטאָרישער און בונדיסטישער שאַטירונג געהען אויך אין דעם פּרט האַנד־ביי־האַנד מיט די קאַפּיטאַליסטישע אסימילאַטאָרען און שטערען יעדען פערזוך צו דעמאָקראַטיזירען די אידישע קהלה.

אינ׳ם פּראָגראַם און קאַמף פון די פּועלי־ציון און ציוניסטען אין עסטרייך פערנעהמט די רעפאָרם פון דער קהלה אַ חשוב׳ען פּלאַץ, און ווען זייערע פאָדערונגען זאָלען פערווירקליכט ווערען, וואָלט די קהלה געוואָרען

דער גרונד־שטיין, אויף וועלכען עס זאל אויסוואקסען די געביידע פון נאציאנאל־אידישער אויטאנאמיע, די פרייע אונגעשטערטע און ווירדיגע נאציאנאלע ענטוויקלונג פון די אידישע מאסען.

* * *

אין באסניען־הערצעגאווינא ווערען געזעצליך בכלל קיינע נאציעס ניט אנערקענט, דערפאר אבער געניסען די פיער רעליגיעזע גרופען פון דער בעפעלקערונג, די מוסעלמאנען, די גריכיש־ארטאדאקסען, די אידען און די קאטאליקען, פאליטישע גלייכבערעכטיגונג און זיי בילדען בעזונדערע „רעליגיעזע קוריעס" ביי די וואהלען צום לאנדטאג. באסניען־הערצעגאווינא איז, בזה האופן, דאס איינציגע לאנד אין דער וועלט, וואו דער פרינציפ פון א אידישע וואהל־קוריע איז דורכגעפיהרט געווארען אין געזעץ. חוץ דעם זיינען די אידען בכלל גלייכבערעכטיגטע בירגער פון לאנד. די אלע רעכט און פריווילעגיעס שטאמען נאך פון דער טערקישער עפאכע, ווען באסניען און הערצעגאווינא האבען געהערט צו דער טערקיי (ביז 1878 יאהר).

ווענען אונגארן מיט איהר גרויסער אידישער בעפעלקערונג (א מיליאן אידען, וואס בילדען אזא גרויסען פראצענט פון דער בעפעלקערונג, ווי אין עסטרייך און אין רוסלאנד) איז כמעט ניטא וואס צו זאגען. פערזענליכע און בירגערליכע גלייכבערעכטיגונג האבען דארט די אידען זינט 1868 יאהר, א רעגירונגס־אנטיסעמיטיזם לאזט זיך דערווייל ווייניג־וואס פיהלען, קיין נאציאנאלע רעכט פערלאנגען די אידען ניט, דאס אינערליכע לעבען איז ביי זיי פרימיטיוו, און רעליגיעזע אויטאנאמיע האבען זיי אין פולען מאס. נאר א סך סמנים בעווייזען, אז פריהער אדער שפעטער וועט פארקומען אן ענדערונג, אז די לאגע אין אונגארן וועט ווערען עהנליך צו דער לאגע אין עסטרייך (אונגארן איז אויך א נאציאנאליטעטען־שטאט, מיט אלע וואקסענדע סמנים פון נאציאנאלען קאמף), און די לאגע אין די געדיכט־אידישע פראווינצען, מאראמאראש, טראנסילוואניען, וועט עהנליך ווערען צו דער לאגע אין גאליציען.

## 7.

### די רעכטליכע לאגע פון די אידען אין דער טערקיי.

טערקיי איז דאס איינציגע לאנד אין דער אלטער וועלט, וואו אידען האבען ניט געליטען פון בעזונדערע פערפאלגונגען, גזרות און בעגרענצונגען. אפטמאל האבען זיי אפילו דארט פערנומען א פריווילעגירטע אויסנאמס־לאגע.

שוין דער צווייטער אָטאָמאַנישער סולטאַן, אורחאַן גאַזי (1326—1359) האָט איינגעלאַדען דמשק'ער און ביזאַנטיער אידען צו קומען בעזעצען זיך אין ברוסא, די דאַמאָלסדיגע טערקישע הויפּט־שטאָדט. אין אַ ספּעציעלען פירמאַן האָט ער זיי ערלויבט צו גרינדען אַ שול און האָט זיי געשאָנקען אַ בעזונדערען קוואַרטאַל אויף צו בעזעצען זיך. די אידען האָבען פון די ערשטע סולטאַנען געקראָגען די רעכט צו בעשעפטיגען זיך מיט אַלערליי געשעפטען און מלאָכות, צו בעזיצען אונבעוועגליכע אייגענטום און צו וואוינען איבעראַל, אָהן שום בעגרענצונג. און דערפאַר האָבען די סולטאַנען כמעט אין די אַלע שטעדט, וואו זייערע זיגרייכע אַרמעען זיינען אריין, געטראָפען אידישע קהלות וואָס האָבען זיי אויפגענומען מיט פרייד און פריינדשאַפט: אומעדום איז די טערקישע אַרמעע געווען דער מלאך הגואל פאַר די ליידענדע אידען.

בשעת סוליימאַן דער ערשטער האָט איינגענומען בודאַפּעשט, האָט איהם אַ איד, אין דער שפּיצע פון אַ שטאָדטישער דעפּוטאַציע, איבער־געגעבען די שליסלען פון שטאָדט.

נאָך דעם ווי מעכמעד פאַטיך (דער ערָאָבערער) האָט איינגענומען קאָנסטאַנטינאָפּאָל (1453), האָט ער איינגעלאַדען די אידישע געמיינדעס אין אַזיען זיי זאָלען קומען בעזעצען זיך אין דער נייער טערקישער הויפּט־שטאָדט. די אידען האָבען דאָן בעקומען אַלע פּריווילעגיעס פון די ניט־מוסולמאַנישע אונטערטאַנער אויף נאַציאָנאַל־רעליגיעזער זעלבסט־פערוואַל־טונג; דער אידישער הכם־באַשי, משה גאַפּסאַלי, האָט בעקומען אַ זיץ אין דעם קייזערליכען דיוואַן צוזאַמען מיט דעם גריכישען פּאַטריאַרך. דער איד משה המון איז בעשטימט געוואָרען אַלס פינאַנס־מיניסטער און דער בעריהמטער כאַקים יעקב אַלס דער סולטאַנישער לייב־מעדיקער.

די גינסטיגע און פרייע לעבענס־בעדינגונגען פון די אידען אין טערקיי האָבען צוגעצויגען אידען פון אַנדערע לענדער; פון דייטשלאַנד האָבען אידען אין די יאָהרען 1450—1500 עמיגרירט מאַסענווייז אין דער טערקיי. ווען פערדינאַנד און איזאַבעלאַ האָבען ארויסגעטריבען איבער 200,000 אידען פון שפּאַניען, האָט דער סולטאַן באַיאַזיד דער צווייטער ארויסגעגעבען אַ בעפעהל צו אַלע זיינע בעאַמטע אויפצונעהמען די פערטריבענע אידען פריינדליך און הארציג, און טויט־שטראָף האָט געדראָהט יעדען איינעם, וואָס וועט זיי שלעכט בעהאַנדעלן. מאַסען ספרד'ישע אידען האָבען זיך בעזעצט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, אַדריאַנאָפּאָל, סאַלאָניק, ברוסה א. אַז. וו. און האָבען פערנומען אַ פּראָמינענטען פּלאַץ אין עקאָנאָמישען און פּאָליטישען לעבען פון טערקיי. דאָן יוסף הנשיא, פון די ספרד'ישע אנוסים, איז געוועזען דער

נאָהענטסטער פריינד פון סולטאַן סולײמאַן און פון זיין זוהן סולטאַן סעלים (דער צווייטער), וואָס האָט איהם געמאכט פאר הערצאָג פון נאקסאס און איהם געגעבען אַ טשארטער צו קאָלאָניזירען טבריה און איהר געגענד און בילדען דאָרט אַ אידישען ישוב. אַן אַנדער איד, שלמה אשכנזי, איז געוועזען טערקישער אַמבאַסאַדאָר אין ווענעציע. דער גרויס־האַנדעל אויף דער יבשה און אויפ'ן ים, די אָבצאָהלונגען צו דער מלוכה האָבען זיך געפונען געװעהנליך אין אידישע הענד.

די טערקישע רעגירונג האָט זיך ניט בענוגענט מיט די פריינדליכע בעציהונגען צו די אידען אין טערקיי — נאָר זי האָט אויך אָפטמאָל געשטיצט די אידען אין אויסלאַנד.

ווען דער פויפּסט פויל דער פערטער האָט אין יאָהר 1555 בעפוילען אריינצוװארפען אין תפיסה די אידען פון אַנקאָנאַ און צו קאָנפיסקירען זייער פערמעגען האָט דער סולטאַן סולײמאַן קאַנוני (דער געזעצגעבער) איהם געדראָהט צו פערטיליגען די קריסטליכע אונטערטאנער, אויב די אידען וואָס געפינען זיך אונטער זיין שוץ וועלען ניט בעפרייט ווערען. ווען די פראַנצויזישע רעגירונג האָט ניט געוואָלט בעצאָהלען אַ חוב פון 150,000 דוקאטען וואָס זי איז געווען שולדיג צו דאָן יוסף הנשיא — ווייל ער איז געוואָרען פון אַ קריסט אַ איד — יוסף הנשיא איז געוועזען פון די אנוסים — האָט דער סולטאַן סעלים דער צווייטער פערכאפּט די פראַנצויזישע שיפען וואָס האָבען זיך געפונען אין טערקישע פּאָרטען, און דערמיט געצווינגען דעם פראַנצויזישען קעניג צו בעצאָהלען דעם חוב.

נאָר אין זיבעצעהנטען יאָהרהונדערט, ווען די פּאָליטישע מאכט איז איבערגעגאַנגען פון די סולטאַנען צו די מיליטערישע קאָמאַנדירען, איז די אידישע לאַגע פערערגערט געוואָרען. די הויף־לייט האָבען געפיהרט אינטריגעס געגען די איינפלוסרייכע אידען, און די צואווילי־עװעטע יאַנטשאַרען, וואָס זיינען געוואָרען די אמת'ע בעלי בתים פון טערקיי, האָבען געראַבעוועט דאָס אידישע פערמעגען. אויך דער רעליגיעזער משוגעת פון די שבתאי־צבי'ניקעס האָט פעראורזאַכט אַן עקאָנאָמישע, גייסטיגע און פּאָליטישע אָפּשוואַכונג פון דעם אָטאָמאַנישען אידענטום. פערווירט דורך די משיח'ישע אויפרעגונגען, האָבען די אידען פערנאכלעסיגט זייערע געשעפטען, און דערווייל האָבען די קריסטען פערכאפּט זייער פּלאַץ. די משיח'ישע בעוועגונג האָט אויך פערערגערט די פּאָליטישע סיטואַציע פון די אידען, ווייל דער סולטאַן האָט אין דעם געזעהן ניט אַ רעליגיעזע משוגעת, נאָר אַ פּאָליטישען אויפשטאַנד. דער געשטיגענער פאַנאַטיזם האָט אָפּגעטויטעט דעם אידישען אונטערנעהמונגס־גייסט און ענערגיע, און די אידען האָבען פון דאַן

אָן אָנגעהויבען צו זינקען מאָראַליש און אינטעלעקטועל — און זיי האָבען שוין מעהר ניט געקאָנט שפּיעלען אַזאַ אָנגעזעהענע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע ראָל, ווי פריהער. די קריסטליכע פעלקער, די גריכען און דער־הויפּט ארמענער, האָבען פערנומען זייער אָרט.

אזוי האָט זיך דאָס געצויגען ביז'ן אָנהויב פון נייַנצעהנטען יאָהר־הונדערט, ווען די טערקיי איז ארויף אויפ'ן וועג פון רעפאָרמען. די רעפאָר־מעס האָבען זיך אָנגעהויבען מיט דער וויכטיגער פּאַסירונג, וואָס איז בעקאַנט אין דער טערקישער היסטאָריע מיט'ן נאָמען „גליקזעליגע געשעהעניש" („וואַקאַי־חייריע") — דאָס איז די בלוטיגע פערניכטונג פון די יאַניטשאַרען (18 יוני, 1826), וואָס האָבען ביז דאַן קאָנטראָלירט די גאַנצע מלוכה־מאַשין אין טערקיי און אַנטקעגען געשטעלט זיך יעדען פערזוך פון פּאָליטישע ענדערונגען. די יאַנוטשאַרען זיינען אויך געווען יענע מאַכט, וואָס האָט זעהר אָפט פערפאָלגט און געקריוודעט די אידען.

ביז'ן 19טען יאָהרהונדערט האָט אין טערקיי געהערשט בלויז דאָס רעליגיעזע, מוסולמאַנישע רעכט, און ביז דאַן איז די ניט־מוסולמאַנישע בעפעלקערונג, די זאָגענאַנטע ראַיאַ (אידען און קריסטען) ניט געווען גלייכ־בערעכטיגט מיט דער הערשענדער מוסולמאַנישער בעפעלקערונג. זיי האָבען געמוזט צאָהלען אַ בעזונדערע טאַקסע (חאַראַדזש), זיי האָבען ניט געטאָרט גלייך ווי די מוסולמאַנער ערווערבען אונבעוועגליכעס אייגענטום, זיי זיינען געווען אויסגעשלאָסען פון פערשיעדענע מלוכה־דינסטען, זיינען געווען ארויסגענומען פון מיליטער־דינסט און אָנשטאָט דעם געדאַרפט צאָהלען אַ בעזונדערע טאַקסע („בעדעל אסקעריע"). דאָס איז ניט געווען קיין ספּע־ציעל אידישע בעגרענצונג. אַלע ניט־מוכאַמעדאַנער האָבען געגאַסען דעם זעלבען גורל. דעם איסלאַם, וואָס איז דאַן געווען ניט נאָר די הערשענדע רעליגיע, נאָר אויך דאָס הערשענדע פּאָליטיש־יורידישע סיסטעם, האָט בעטראַכט די ניט מוסולמאַנישע בעפעלקערונג ווי בעזיעגטע, וועלכע מ'דאַרף טאָלערירען, אָבער ניט אוועקשטעלען אויף איין מדרגה מיט די זיעגער און עראָבערער.

די לאַגע פון די „ראַיאַ" האָט זיך אָנגעהויבען צו פערבעסערען, ווען אין טערקיי האָט זיך אין 19 יאָהרהונדערט דערוועקט די בעוועגונג פון „טאַנזימאַט" — ד. ה. וועלטליכע מאָדערנע רעפאָרמען. נאָך דעם ווי די יאַניטשארען זיינען פערניכטעט געוואָרען האָט מען גענומען איינפיהרען פערשיעדענע רעפאָרמען אין מיליטער, אַדמיניסטראַציע און רעכטס־אינ־סטיטוטען אויפ'ן אייראָפּעאישען שטייגער, און די „ראַיאַ" זיינען ביסלעכ־ווייז אויסגעגליכען געוואָרען אין זייערע רעכט מיט די מוסולמאַנער.

אויך די אידען האָבען פּראָפּיטירט פון די נייע אָרדנונגען, כאָטש זיי האָבען זיך שוין מעהר ניט אומגעקעהרט צו זייער אַלטער פּריווילעגירטער אויסנאהמס־לאַגע. דאָס איז געוועזען סולטאַן אבד־אול־מעדזשיד, וואָס האָט פאָלשטענדיג אויסגעגליכען די רעכטליכע לאַגע פון „יאהודי מילעטי" („די אידישע נאַציע" — אַזוי ווערען די אידען אָפיציעל אָנגערופען אין טערקישען שטאַטס־רעכט) מיט דער לאַגע פון אַנדערע פּריווילעגירטע קריסט־ליכע „נאַציעס". דער פאָרשטעהער פון די פראַנצויזישע אידען אַלבערט כהן האָט צוזאַמען מיט'ן טערקישען גרויס־וויזיר רעשיד פּאַשאַ פעסטגע־שטעלט די פאָלגענדע פאָרמולע בנוגע דער רעכטליכע לאַגע פון אידען אין טערקיי: „אַלע רעכט, פּריווילעגיעס און הנחות, וואָס זיינען געגעבען געוואָרען אָדער וועלען געגעבען ווערען וואָסערע ס'איז קריסטליכע גע־מיינדע — ווערען דערמיט אַליין אויך געגעבען די אידען".

דער סולטאַן אבד־אול־מעדזשיד האָט בעשטעטיגט די פאָרמולע — און האָט טאַקע געהאַלטען וואָרט, ווען ער האָט ארויסגעלאָזט די צוויי בעריהמטע מאַניפעסטען: חאַטי־שעריף אין גיול־חאַנע (1839) און חאַטי־היומאַיון (1856); אין די מאַניפעסטען ווערען אָבגעשאַפען די בעגרענ־צונגען פון די ראַיאַ, און פאַר אַלע אונטערטאַנער, אָהן אונטערשיעד פון רעליגיע, ווערט גאַראַנטירט: 1) זיכערהייט פון לעבען, אייגענטום, עהרע; 2) בירגערליכע גלייכהייט; 3) פרייהייט פון רעליגיע און נאַציאָנאַלער ערציהונג; 4) ספּעציעלע און געמישטע געריכטען; 5) נאַציאָנאַל־רעלי־גיעזע רעפּרעזענטאַציעס אין דער לאָקאַלער און פּראָווינציעלער אדמיני־סטראַציע. די אידען בעקומען די זעלבע רעכט וואָס ארמענער און גרעקען. נאָך דעם בעריהמטען עלילת־דם אין דמשק (1840) גיט דער סולטאַן ארויס אַ ספּעציעלען פירמאַן צו בעשיצען די אידען געגען אַזעלכע בלבולים.

די אידען, ווי אויך די קריסטען, זיינען אָבער נאָך אַלץ ניט געווען גענצליך גלייכבערעכטיגט מיט די הערשענדע מוסולמאַנער. אין טערקישען רעכט איז נאָך אַלץ פערבליבען דער אונטערשיעד צווישען די עכטע פול־בערעכטיגטע בירגער — די מוסולמאַנער — און די מינדערבערעכטיגטע אונ־טערטאַנער, בירגער פון צווייטער מדרגה, וואָס זיינען בעצייכענט געוואָרען מיט דעם בעליידיגענדען טערמין „ראַיאַ". און נאָר אין 1876 יאָהר, ווען ס'איז פּראָקלאַמירט געוואָרען די טערקישע קאָנסטיטוציע, זיינען אָבגע־שאַפט געוואָרען די לעצטע רעכטליכע אונטערשיעדען, וואָס האָבען אָב־געטיילט די „כופרים" ניט־מוסולמאַנער פון די „גלויביגע" מוסולמאַנער. דער טערמין „ראַיאַ" איז אויסגעמעקט געוואָרען פון אָטאָמאַנישען רעכטס־לעקסיקאָן. אַלע אונטערטאַנער, אָהן אונטערשיעד פון רעליגיע, ווערען

אַנגערופען מיט'ן נאָמען „אָסמאַנלי“ (אָטאָמאַן) און האָבען די זעלבע בירגערליכע און פּאָליטישע רעכט. די אידען וערען אַלזאָ פולבערעכטיגטע בירגער, און אין דעם ערשטען טערקישען פּאַרלאַמענט זיינען די אידען געווען פערטראָטען דורך דריי דעפּוטאַטען און צוויי סענאַטאָרען.

די קאָנסטיטוציע האָט אָבער ניט געהאַט קיין אריכת־ימים. אבד־אול־כאַמיד, וואָס איז דאַן געוואָרען סולטאַן, האָט פערמאַכט דעם פּאַרלאַמענט און פּאַקטיש אָבגעשאַפט די קאָנסטיטוציע. די אידישע רעכטליכע לאַגע האָט זיך אָבער ניט געענדערט צום שלעכטען, מיט אויסנאַהם פון מיליטער־דיענסט, פון וועלכען זיי זיינען פערבליבען, צוזאַמען מיט אַלע ניט־מוסול־מאַנער, אויסגעשלאָסען, און פאַר וואָס זיי האָבען געמוזט צאָהלען אַ בעזונ־דערען שטייער, „בעדעל־אַסקעריע“. נאָך דער יונג־טערקישער רעוואָלוציע אין 1908 איז די קאָנסטיטוציע ווידער אריין אין קראַפט און דער פּאַרלאַ־מענט האָט זיך געעפענט. די אידען ווי אויך די קריסטען, זיינען אויסגע־גלייכט געוואָרען אויך אין מיליטער־דיענסט, און ס'איז אַלזאָ פאָלשטענדיג דורכגעפיהרט געוואָרען די גלייכבערעכטיגונג פון די אידען אין טערקיי — מיט דער אויסנאַהמע פון ספּעציעלע געזעצען פאַר דער אידישער איינוואַנ־דערונג און לאַנדס־בעזיץ אין ארץ ישראל.

ארץ ישראל בעלאַנגט צו טערקיי זינט 1517. אויך דאָ, ווי אין גאַנץ טערקיי, זיינען ניט געמאַכט געוואָרען קיינע ספּעציעלע בעגרענצונגען פאַר אידען. ווי ס'איז שוין פריהער דערמאָנט געוואָרען, האָבען די אידען זאָגאַר אַמאָל בעקומען אַ מין טשאַרטער אויף אַ קליינעם טייל פון ארץ ישראל — דאָס איז אין די זעכציגער יאָהרען פון 16טען יאָהרהונדערט; דער סולטאַן סולייטאַן קאַנוני האָט געשאָנקען דאַן יוסף הנשיא אַ פירמאַן צו גרינדען אַ אידישע קאָלאָניזאַציע אין טבריה'ר געגענד.

דאָס ענטשטעהן פון די בעגרענצונגען פאַר אידען אין א"י איז ענג פערבונדען מיט דער מאָדערנער נאַציאָנאַלער בעוועגונג צו שאַפען אין א"י אַ היים פאַר'ן אידישען פאָלק. אין 1882, נאָך די פּאָגראָמען און רעפּרע־סיעס געגען אידען אין רוסלאַנד, האָט זיך אָנגעהויבען אַ שטאַרקע בעוועגונג פון ישוב א"י. אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָבען דאַן פערשיעדענע שתדלנים געפיהרט אונטערהאַנדלונגען מיט דער טערקישער רעגירונג וועגען אידישער קאָלאָניזאַציע אין א"י. צווישען זיי האָט זיך אויך געפונען דער בעקאַנטער אָליפאַנט, אַן ענגלישער קריסט, וועלכער איז נאָך אין 1879 אַרויס אין זיין בוך „לענד אָוו גילעאַד“ מיט אַ פּראָיעקט צו גרינדען אַ אידישען אויטאָ־נאָמען ישוב אין א"י. די טערקען האָבען איהם אָבער חושד געווען, אַז ער איז אַן ענגלישער אַגענט און אַרבייט אין די אינטערעסען פון ענגלאַנד,

אין דער זעלבער צייט האבען די טערקישע קאנסולען אין רוסלאנד בעריכטעט זייער רעגיערונג וועגען א שטארקער אידישער עמיגראציע וואס קליבט זיך נאך א"י. די „הויכע פארטע" האט מורא געקראגען, אז די אידען מיינען גאר צו גרינדען א בעזונדערע מלוכה אין ארץ ישראל, און זי האט ארויס־געגעבען א בעפעהל אז די אידען וואס קומען אין ארץ ישראל טארען מעהר ניט פארבלייבען דארט ווי דריי חדשים, ווי אויך אז מ'זאל פרעמדע אידען ניט פערקויפען קיין אונבעוועגליכעס אייגענטום. אין 1890 האט זי ארויסגע־געבען א בעפעהל, אז מ'זאל פון יעדען איד, וואס קומט אריין אין לאנד, צונעהמען זיין פאספארט און ארויסגעבען אנשטאט דעם א רויטען צעטעל וואס צייגט אויף די וואוינרעכט פון בלויז דריי חדשים.

די בעגרענצונג פון דריי חדשים איז אין לעבען קיינמאל ניט דורכ־געפיהרט געווארען — דער איינציגער צייכען פון דעם פערבאט איז גע־בליבען דער רויטער צעטעל, וועלכען מ'פלעגט ארויסגעבען די אידישע איינ־וואנדערער אין א"י. מ'האט אבער נאך די דריי חדשים קיינעם ניט ארויס־געשיקט. אין 1913 איז אויפ'ן פראטעסט פון חכם־באשי, דעם אפיציעלען פארשטעהער פון „דער אידישער נאציע" אין טערקיי, דער רויטער צעטעל אבגעשאפט געווארען. דער פערבאט פון אידישער אימיגראציע איז גע־בליבען ווי פריהער — אויפ'ן פאפיער.

ווי מיר האבען געזעהן ביז אהער, צייכענט זיך אויס די טערקישע מלוכה מיט איהר טאלעראנטער און פריינדליכער שטעלונג צו די אידען. מיט דער אויסנאהם פון די פערבאטען פאר אידישע איינוואנדערונג און לאנד־בעזיץ אין ארץ־ישראל, זיינען אין טערקיי קיינמאל ניט געשאפען געווארען קיינע ספעציעלע אידישע גזרות און רעכטס־בעשרענקונגען. דאס אינטערעסאנטסטע אבער אין דער רעכטליכער לאגע פון די אידען אין טערקיי איז די נאציאנאל־רעליגיעזע אויטאנאמיע און רעכט, וואס אידען געניסען אין טערקיי צוגלייך מיט די אנדערע נא־ציאנאליטעטען פון לאנד.

טערקיי איז א „נאציאנאליטעטען־שטאט", ד. ה. א מלוכה וואס איז צוזאמענגעשטעלט פון פערשידענע פעלקער און נאציאנאליטעטען, ווי עסטרייך און רוסלאנד, נאר אחוץ די רעכט וואס געהערען די טערקישע אונטערטאנער אלס יחידים איז דארט פאראן בעזונדערע רעכט וואס געהערען די נאציאנאליטעטען אלס גרופען. די טערקיי איז א טעאקרא־טישע מלוכה — דער באזיס פון דער מלוכה־ארדנונג איז דער איסלאם, די הערשענדע רעליגיע אין טערקיי. דער אויבערהאר פון דער מלוכה, דער פאדישאה, איז גלייכצייטיג דער הערשער פון איסלאם, דער חאליף (מוכא־

מעד׳ס פערטרעטער) פון אַלע „גלויבינגע״. רעליגיע איז דאָ אַ שם נרדף מיט נאַציאָנאַליטעט, און די נאַציאָנאַלע רעכט זיינען צוזאמענגעפלאָכטען מיט רעליגיעזע אַזוי שטארק, אַז ס׳איז אוממעגליך אָבטיילען איינס פון אנדערען.

די ניט־מוסולמאַנישע אונטערטאַנער אין טערקיי זיינען פעראייניגט אין נאַציאָנאַל־רעליגיעזע געמיינשאפטען וואָס ווערען אָפיציעל אנערקענט אלס „מילעט״ (נאַציאָן). די גריכען, אַרמענער, אידען בילדען אין טערקיי דריי מילעטען. די אידען ווערען אָנגערופען „יאהודי מילעטי״. יעדער „מילעט״ האָט אַן אינערליכע אויטאָנאָמיע, וואָס בעשטעהט פון אַן אויס־דערוועהלטען „נאַציאָנאַלען ראטה״ (מעדזשלים אומומי) און אַ גייסטליכען „נאַציאָנאַלען שעף״ (מילעט באשי). דער קריסטליכער שעף רופט זיך פאַטריארך, דער אידישער — „חכם־באשי״. יעדעס „מילעט״ האָט אויטאָ־נאָמיע אין אַלץ, וואָס איז נוגע צום רעליגיעזען קולט, געמיינדען, געזעל־שאפטליכע און צדקה־אַנשטאַלטען, ערציהונג און אונטער־ריכט. יעדעס „מילעט״ האָט די רעכט צו ער־ציהען די קינדער אין אייגענע שולען און אין דער נאַציאָנאַלער שפּראַך. די עלעמענטארע און מיטעלע שולען וואָס בעלאַנגען צו די פערשיע־דענע מילעטען און וואו ס׳ווערט אונטערריכט אין דער אייגענער שפּראַך, האָבען די זעלבע רעכט ווי די רעגירונגס־שולען, וואו ס׳ווערט אונטערריכט אין דער טערקישער שפּראַך, — דער אָפיציעלער שפּראַך פון דער מלוכה. אַזוי, צום ביי־שפּיעל, האָט די העברעאישע גימנאַזיע אין יפו די זעלבע רעכט וואָס די רעגירונגס מיטעל־שולען, און אַ שילער וואָס ענדיגט די אידישע גימנאַזיע ערווערבט די זעלבע פּריווילעגיעס ווי איינער וואָס ענדיגט אַ טערקישע גימנאַזיע.

די רעכט און פריווילעגיעס פון די מילעטען זיינען גאַראַנטירט גע־וואָרען אין פערשיעדענע צייטען אין ספּעציעלע פירמאַנען (פעראָרדנונגען) פון די טערקישע הערשער און בעשטעטיגט געוואָרען אין דעם עלפטען פּאַראַגראַף פון דער טערקישער קאָנסטיטוציע. עס מערקט זיך אָבער אַ שטאַרקע טענדענץ אין דער פּאָליטיק פון די יונג־טערקען צו פערשמעלערען און פערקלענערען ווי וויית מעגליך די בעזונדערע רעכט פון די נאַציאָנאַ־ליטעטען, ספּעציעל אויפ׳ן געביט פון ערציהונג. אין 18טען פּאַראַגראַף פון זייער פּראָגראַם ערקלעהרען די יונג־טערקען („פּארטיי פון איינהייט

און פּאָרטשריט״ — „איטעכאַד ווע־טעראַקי״) : „אום צו געבען דער ערציהונג פון דער אָטאָמאַנישער בעפעלקערונג אַן איינהייטליכע פאָרם, וועלען די פּריוואַטע שולען און די יעניגע וואָס געהערען צו פערשיעדענע נאַציאָנאַליטעטען פון לאַנד אונטערגעוואָרפען ווערען די קאָנטראָל און אינספּעקציאָן פון דער רעגירונג״. זיי גיבען אָבער צו אין זעלבען פּאַראַגראַף : „אָבער מיט אַכטונג צום פּרינציפּ פון ניט־אריינמישען זיך אונטערריכט פון דער מוטער־שפּראַך, גלויבען און ליטעראַטור פון איטליכער נאַציאָנאַליטעט״.

יעדעס „מילעט״ האָט זיך זיין קאָנסטיטוציע, וואָס ווערט אָפיציעל אַנערקענט אין די טערקישע געזעצען. אויך די אידען האָבען זייער קאָנסטיטוציע וואָס רופט זיך „חכם־חאַנע ניזאַם־נאַמעסי״. ביז די זעכציגער יאָהרען פון 19טען יאָהרהונדערט האָט דאָס אידישע „מילעט״ ניט געהאַט קיין פעסטגעשטעלטע אָרדנונג און פּלאַן פאַר זיין פערוואַלטונג, און דאָס האָט געבראַכט צו פיעל אינערליכע סכסוכים און רייבערייען. אום או ס־צומיידען ווייטערדיגע שוועריגקייטען האָט די רעגירונג בעשלאָסען אַז אַ קאָמיסיע, צוזאַמענגעשטעלט פון אידישע נאָטאַבלען, גייסטליכע און וועלטליכע, זאָל אויסאַרבייטען אַ קאָנסטיטוציע, ענליך צו דער, וואָס ס׳האָבען די גריכען און אַרמענער. נאָך דעם ווי די קאָמיסיע האָט די קאָנסטיטוציע פערפאַסט, האָט זי די „הויכע פּאָרטע״ דורכגעזעהן און דער סולטאַן אבד־אול־אַזיז האָט זי (אין 1865) בעשטעטיגט. די זעלבע קאָנסטיטוציע איז פערבליבען ביז היינט אָהן אירגענד װעלכע ענדערונגען.

לויט דיזער קאָנסטיטוציע איז דער חכם־באַשי דער שעף פון דער אידישער נאַציע אין טערקיי און ווערט אויסגעקליבען דורך דעם נאַציאָנאַלען ראטה (מעדזשלים אומומי). די וואהלען פון חכם־באַשי דאַרפען בעשטעטיגט ווערען פון סולטאַן אין אַ ספּעציעלער איראַדע. עס ווערט דאַן פערעפענטליכט אַ סולטאַנישער מאַניפעסט, „בעראַט״, וואו ס׳ווערען אויסגערעכענט די פליכטען און רעכטען פון חכם־באַשי און ווערט פאָרגעלעזען אין דער „הויכער פּאָרטע״. דער חכם־באַשי ווערט דאַן אָנגענומען ביים סולטאַן מיט פייערליכע צערעמאָניעס, פּונקט ווי מ׳מאַכט אַ נייעם אַמבאַסאַדאָר פון אַ פרעמדער מלוכה.

דער חכם־באַשי איז דער פערמיטלער צווישען דער רעגירונג און דעם אידישען „מילעט״, און בעזונדערס צווישען דער „הויכער פּאָרטע״ און דעם נאַציאָנאַלען אידישען ראַט (מעדזשלים אומומי). דער חכם־באַשי מוז אויספיהרען אַלע בעשלוסען פון מעדזשלים, סיידען זיי זיינען געגען געזעץ ער אַליין האָט ניט די רעכט אָנצונעהמען וואָטערען ס׳איז בעשלוס.

דער „נאַצ. ראַט״ (מעדזשלים אומומי) בעשטעהט פון 80 מיטגלידער,

20 גייסטליכע („חכמים“) און 60 וועלטליכע. די לעצטע ווערען ערוועהלט אַלע צעהן יאָהר, די ערשטע ווערען ערוועהלט אויפ׳ן גאַנצען לעבען.

לויט דעם געזעץ מוזען מיטגלידער פון מעדזשלים קאָנען לעזען און שרייבען די אָפיציעלע שפּראַך פון אידישען „מילעט“ (נאַציע), ד. ה. העברעאיש.

דער ראַט פערזאמעלט זיך איין מאָל אין יאָהר אויסצואַרבייטען א ביודזשעט, וועהלען די קאָמיטעטען און אָפּנעהמען פון זיי א בעריכט.

דער ראט וועהלט אויס פון זיך צוויי שטענדיגע קאָמיטעס: א ועד גשמי (מעדזשלים דזשיסמאני) און א ועד רוחני (מעדזשלים רוהאַני).

דער ועד גשמי בעשטעהט פון 9 מיטגליעדער, וואָס ווערען ערוועהלט דורך דעם נאַציאָנאַלען ראַט פון צווישען זיינע 60 וועלטליכע מיטגליעדער. זיין אויפגאַבע איז צו בעזאָרגען די אינטערעסען פון „מילעט“, אויסצופיהרען די פּעראָרדנונגען פון דער רעגירונג, אָבצוהיטען די נאַציאָנאַלע קאָנסטי־טוציע, אויפמאָהנען די נאַציאָנאַלע שטייערען, פערוואַלטען מיט דעם נאַ־ציאָנאַלען אייגענטום און מיט אייגענטום פון יתומים א. ד. גל.

דער ועד רוחני בעשטעהט פון 7 מיטגליעדער, ערוועהלט פון צווישען די 20 „חכמים“ פון ראַט. זיי גיבען זיך אָב מיט רעליגיעזע זאכען, פסק׳נען שאלות און משפט׳ען ציווילע און פאַמיליען־אַנגעלעגענהייטען פון אידען צווישען זיך.

אין דער נאַציאָנאַלער קאָנסטיטוציע איז ניטאָ קיין פונקטען וועגען דער פערוואַלטונג פון די לאָקאַלע קהלות — אָבער אויך דאָ איז די סיסטעם כמעט די זעלבע: אין דער שפּיץ פון דער קהלה שטעהט א חכם־באַשי, מיט א מעדזשלים אומומי און צוויי ועדים, א ועד גשמי און א ועד רוחני. די וואהלען פון די פּראָווינציעלע חכם־באַשים מוזען בעשטעטיגט ווערען פון חכם־באַשי אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

די אַלטע דערוועלטע, סיי דער חכם־באַשי סיי די מיטגליעדער פון מעדזשלים, מוזען זיין אָטאָמאַנישע בירגער און ווערען ערוועהלט פון אָטאָמאַנישע אידען. אין טערקיי איז אָבער פאַרהאַן א גרויסע צאָהל אידען פרעמדע אונטערטאַנער, נאָר אפילו פאַר די פרעמדע אידען זאָרגט די פּראַקטיק פון געזעץ. אויך זיי האָבען זייער פאָרשטעהערשאַפט — זיי ערוועהלען א ספּעציעלען ועד פון 12, וואָס האָט ניט פאָרמעל קיין קאָמ־פּעטענץ, פאַקטיש אָבער אַרבייט ער צוזאַמען מיט דעם ועד גשמי.

מיטגליעדער פון ועד גשמי מוזען קאָנען די טערקישע און העברעאישע שפּראַך.

8.

## בירגערליכע גלייכבערעכטיגונג.

לאָמיר רעזיומירען די פערשיידענע פאָרמען פון רעכטס־בעשרענקונגען, פון וועלכע די אידען ליידען אין די פערשיידענע לענדער.

פאַראַן לענדער, וואו די אידען זיינען בעשרענקט אפילו אין די עלעמענטאַרסטע מענשליכע רעכט, וואו לויט׳ן געזעץ אָדער לויט די אָנגענומענע מדות פון געוואוינהייטס־רעכט („קאָמאָן לאָא״) מעג מען דעם אידען בעהאַנדלען ווי א רעכטלאָזע חיה, זיין לעבען און זיין פערמעגען ווערען אבסאָלוט ניט געשיצט פונ׳ם געזעץ. אַזוי איז דאָס אין מאַראָקאָ, אַביסיניען, אַראַביען און פּערסיען. אַביסעל העכער איז די רעכטליכע לאַגע פון די אידען אין פינלאַנד און רומעניען, וואו אונזערע ברידער דאַרפען, לויט׳ן געזעץ, בעהאנדעלט ווערען אלס מענשען, דאָס לעבען און אייגענטום פונ׳ם אידען ווערט אָפיציעל געשיצט פון געזעץ גלייך, ווי דאָס לעבען און אייגענטום פון אלע מענשליכע וועזענס, נאָר די אידען ווערען ניט אנערקענט פאר בירגער פון לאַנד און האָבען, אלזאָ, אבסאָלוט קיינע בירגער־רעכט ניט. ניט קוקענדיג דערויף, וואָס זיי טראָגען אויף זיך אַלע בירגער־פּליכטען, ווי די שטייערן און מיליטער־פּליכט. חוץ דעם זיינען די פינלענדישע און רומענישע אידען בעשרענקט אין וויכטיגע מענשליכע רעכט, ווי דאָס רעכט אויף בילדונג און אויף פרייער בעוועגונג און בעשעפטיגונג.

אַביסעל העכער, ווי אין רומעניען, איז טעאָרעטיש די רעכטליכע לאַגע פון די אידען אין רוסלאַנד. דאָ ווערען שוין די אידען, על פּי געזעץ, אַנערקענט אי פאַר מענשען אי פאַר בירגער אפילו. און דאָס רוסישע גרונד־געזעץ זאָגט בפירוש, אז „פאַר׳ן געזעץ זיינען אַלע בירגער גלייך״, נאָר דאָס מיינט מען נאָר דאָס קרימינעלע געזעץ: על פּי דין דאַרף דאָס לעבען און אייגענטום פון די אידען געשיצט ווערען פונקט אזוי, ווי דאָס לעבען און אייגענטום פון אלע אַנדערע מענשען.*) א טייל בירגערליכע רעכט האָבען די אידען יאָ אין רוסלאַנד, נעמליך דאָס וואהל־רעכט צו דער שטאַטס־דומע, און אפילו א שטיקעל נאַציאָנאלע רעכט אין א קאָפּוירדיגען זינען, נעמליך די אידישע וואהל־קוריע פון געוויסע שטעדט א. ד. גל. נאָר דאָס געזעץ בעטראכט

*) מיר מוזען נאָך אַ מאָל בעטאָנען, אַז לויט׳ן בוכשטאַב פון געזעץ טאָר מען אפילו אין רוסלאנד ניט מאַכען קיין פּאָגראָמען אויף אידען פונקט, ווי ס׳טאָר בכלל קיין פּאָגראָמען ניט מאַכען. דער אומגליק איז נאָר, וואָס דאָס געזעץ בלייבט אַ טויטער בוכשטאַב...

אידען פאַר בירגער פון צווייטען קלאַס און בעשרענקט זיי אין כמעט אַלע בירגערליכע און אפילו פּערזענליכע רעכט, ווי די וואוינונגס- און בעוועגונגס-פרייהייט, דאָס רעכט אויף בילדונג און פרייער בעשעפטיגונג.

אין עסטרייך, צוריק, זיינען די אידען, לויט'ן געזעצ, בירגערליך גלייכ-בערעכטיגט, זיינען אָבער אינגאנצען בערויבט אפילו פון יענע נאַציאָנאַלע רעכט, וואָס זיינען שוין אנערקענט פאַר אנדערע פעלקער פון לאנד. אין דער טערקיי האָבען אידען פולע מענשליכע, פולע בירגערליכע און אין א גרויסען מאָס אויך נאַציאָנאַלע רעכט, נאָר די לעצטע זיינען ניט אזוי ברייט, ווי ביים הערשענדען פאָלק פון לאנד.

פון דער איבערזיכט זעהען מיר, אַז די אידישע רעכטלאָזיגקייט, אויף וויפיעל זי איז ענטהאלטען טעאָרעטיש אינ'ם געזעץ גופא, האָט פערשיידענע פאָרמען און קאָן גרופּירט ווערען אין דריי הויפּט-קאַטעגאָריעס:

א. די בעשרענקונגען פון מענשליכע און פּערזענליכע רעכט.

ב. די בעשרענקונגען פון בירגערליכע אָדער פּאָליטישע רעכט, און

ג. די בעשרענקונגען פון נאַציאָנאַלע רעכט.*)

---

*) די טערמינאָלאָגיע איז אפילו אין דער יורידישער וויסענשאַפט נאָך ניט גאַנץ פעסטגעשטעלט, כל שכן אין דער פּאָליטישער פּובליציסטיק. פאַר מענשען, וואָס זיינען מעהר-ווייניגער בעהאַווענט אין דער רעכטס-וויסענשאפט, מוזען מיר דאָ מאַכען אַ פּאָר בעמערקונגען. דעם אויסדרוק „פּערזענליכע רעכט" אין מעהר-צאָהל דאַרף מען ניט פערמישען מיט דעם בעגריף „פּערזענליכעס רעכט" אין איינצאָהל, דאָס דייטשע „רעכטע" מיט — „רעכט". „פּערזענליכע רעכט" הייסט אַזוינע רעכט, וואָס געהערען דער פּערזאָן, אַלס פּערזאָן און ניט אַלס בירגער פון אַ שטאַט אָדער אַלס מיטגליעד פון אַ נאַציע. אַזוינע פּערזענליכע רעכט קאָנען זיין אי „פּערזענליך" אי „זאַכליך", און זעהר גוט טוען יענע יוריסטען, וואָס געברויכען אָנשטאָט „פּערזענליכעס און זאַכליכעס רעכט" די מעהר בעשטימטע אויס-דרוקען „סוביעקטיוועס און אָביעקטיוועס רעכט". ווייטער, דער אונטערשייד צווישען פּערזענליכע און בירגערליכע („פּאָליטישע") רעכט איז, אייגענטליך, דערזעלביגער, ווי דער אונטערשייד צווישן פּריוואַט-רעכטליכע און עפענטליך-רעכטליכע בעצי-הונגען. אין טעקסט גופא וועלען מיר דערקלערען, פאַר וואָס מיר מאַכען ניט קיין אונטערשייד צווישען בירגערליכע און פּאָליטישע רעכט. און, ענדליך, וואָס אַנבעלאַנגט די בירגערליכע רעכט, דאַרף מען זיי ניט פערוועקסלען מיט'ן ציוויל-רעכט (אַזאַ פערוועקסלונג קומט אָפט פאָר אין די ראָמאַנישע און סלאַווישע שפּראַכען) און די נאַציאָנאַלע רעכט מיט'ן שטאַטס-רעכט.

## א. מענשליכע און פּערזענליכע רעכט.

די געזעצגעבונג פון אַלע מאָדערנע לענדער, וואו די שקלאַפעריי איז שוין אָפּגעשאַפט געוואָרען דורכ'ן געזעץ, אַנערקענט אַז אַלע מענשען זיינען גלייך פאַר דעם קרימינעלען געזעץ. די הויפּט־פּרינציפּען פון קרימינאַל־רעכט זיינען: איין מענש טאָר דעם צווייטען'ס לעבען און געזונדהייט ניט שעדיגען דורך דירעקטע האנדלונגען, טאָר איהם ניט פערשאַפען קיין קער־פּערליכע שמאַרצען, טאָר ניט שטעלען אין געפאַהר אָדער פערניכטען דאָס לעבען פון אַן אנדער מענשען, טאָר ניט בעליידיגען דעם עהרען־געפיהל פון א צווייטען, טאָר איהם ניט פערשקלאַפען, בעשרענקען זיין געזעצליכע האנדלונגס־פרייהייט און בעוועגונגס־פרייהייט, און יעדער מענש מוז רע־ספּעקטירען דאָס פריוואַט־אייגענטום פון א צווייטען.

אין אַלע אייראָפּעאישע און אַמעריקאַנישע לענדער אָהן אויסנאַהם ווערען אָט די רעכט אַנערקענט פאַר אַלע מענשען, קיין חלוק, אויב בירגער אָדער אויסלענדער, אייגענע אָדער פרעמדע. אין די דאָזיגע עלעמענטארע רעכט ווערען די אידען בעשרענקט לויט'ן געזעץ בלויז אין מאַראָקאָ, אַביסיניען, פּערזיען און אַראַביען, — און דאָס אויך ניט לויט'ן געשריבענעם געזעץ פון קוראַן (אָדער עוואַנגעליום אין אביסיניען), וועלכער פּרעדיגט מענשליכע רעכט פאַר אַלעמען, נאָר לויט דעם ניט געשריבענעם געוואוינ־הייטס־רעכט, ד. ה. לויט די טראַדיציאָנעלע מדות, וועלכע בעהאנדלען די אידען אַלס נידעריגערע וועזענס.

נאָר אויב ניט נאָכ'ן געזעץ, ווערען אָבער אונזערע ברידער פאַקטיש בערויבט פון זייערע מענשליכע רעכט דורך דער רעגירונג אין אַזוינע לענדער, ווי רוסלאַנד און רומעניען. די פאָדערונג פון גלייכע מענשליכע רעכט בעציהט זיך ניט נאָר צו די באַרבאַרישע לענדער פון אפריקא און אַזיען, נאָר אויך צו די אויביגע כלומרשט „ציוויליזירטע" לענדער פון אייראָפּאַ. דורך זייער פּראַקטיק ערלויבען אָט די רעגירונגען זייערע אונטערטאַנען צו פערניכטען די אידישע לעבענס, צו פערגוואַלטיגען די אידישע עהרע (אין פּאָגראָמען), צו רויבען אידישעס אייגענטום, און דורך בלוט־בלבולים, צו בעליידיגען דעם אידישען נאָמען.

אַן אנדער זאַך איז אָבער, ווען די רעגירונגס־אָרגאַנען, אַלס אַזעלכע, בעשרענקען די פרייהייט פון זייערע אונטערטאַנען, ווי אין רומעניען, פינ־לאַנד און רוסלאַנד ווערט בעשרענקט די בעוועגונגס־פרייהייט, די בעשעפ־טיגונגס־ און בילדונגס־פרייהייט פון די אידען. דאָ האָבען מיר שוין צו טאָן ניט מיט די קרימינעלע בעציהונגען פון מענש צו מענש, נאָר מיט יורידישע

בעציהונגען פון די רעגירונגס־ארגאנען צו די איינצעלנע פערזאנען. אזויגע רעכט רופען זיך דעריבער פערזענליכע רעכט. אין א ציוויליזירטען שטאט קאן קיין מענשליכעס רעכט ניט בעשרענקט ווערען. פאגראמען, בלוט־בלבולים קאנען, דעריבער, אויך ניט אנגערופען ווערען „בעשרענקונגען“; זיי זיינען, פערקעהרט, דירעקטע פערברעכענס, פערלעצונגען פון מענשליכע רעכט, און יענע רעגירונג, וואס ערלויבט דאס, שטעלט זיך דערמיט אליין אויסערהאלב יעדען געזעץ. דאס עלעמענטארע גערעכטיגקייטס־געוויסען פון אונזער צייט פערלאנגט, אז אזא רעגירונג זאל אראפגעזעצט און בעשטראפט ווערען.

בנוגע צו פערזענליכע רעכט, ווי די בעוועגונגס־פרייהייט א. ד. גל., קאן יא זיין א רייד וועגען בעשרענקונגען; די „טשערטא“, די פראצענט־נארמע, די פערשיידענע געזעצען געגען אידען זיינען, אלזא, בעשרענקונגען פון זייערע פערזענליכע רעכט. דאס כאראקטעריסטישע פון די פערזענליכע רעכט בעשטעהט אין דעם, וואס אזוי לאנג ווי זיי זיינען ניט בעשרענקט דורך די רעגירונגס־ארגאנען, קאנען זיי אויך ניט פערלעצט ווערען. אין דעם מאמענט, ווי די „טשערטא“ ווערט אראפגענומען, וועט קיינער ניט קאנען פערוועהרען א אידען צו וואוינען וואו ער וויל. ווערט אפגעשאפט די פראצענט־נארמע, וועט קיין רעגירונגס־שול ניט קאנען פערהאקען איהרע טירען פאר אידישע קינדער מחמת דעם איינציגען גרונד, וואס זיי זיינען אידען.

פון דער פאקטישער אונפערלעצליכקייט פון די פערזענליכע רעכט נעהמט זיך זייער צווייטע וויכטיגע אייגענשאפט: די פערזענליכע רעכט זיינען די גאראנטיע פאר די מענשליכע רעכט, און, פערקעהרט, די בעשרענקונגען פון פערזענליכע רעכט ברענגען צו פערלעצונגען פון די מענשליכע רעכט. דאס פערזענליכע רעכט פון א מענשען איז א בעשטעטיגונג, אז ער איז א פערזאן, א סוביעקט פון רעכט, און אז דאס געזעץ אליין בעטראכט איהם פאר אזעלכען. קיינער קאן ניט זיין זיכער מיט זיינע מענשליכע רעכט אזוי לאנג, ווי ער ווערט ניט בעטראכט פאר א גלייכבערעכטיגטער פערזאן. ספעציעל איז דאס ריכטיג, ווען א געוויסע גרופע פון דער בעפעלקערונג אדער א גאנץ פאלק ווערט דורך דעם געזעץ בעהאנדעלט, ווי א גרופע פון צווייטען ראנג, ווען דאס געזעץ זאגט אפ א גאנצען פאלק אין די אלגעמיינע פערזענליכע רעכט. ערקלערענדיג די אידען פאר ניט קיין גלייכבערעכטיגטע בירגער, גיט דאס געזעץ דערמיט אנצוהערעניש, אז אויך אלס מענשען שטעהען די אידען נידעריגער פאר דער גאנצער בעפעלקערונג. די רעכטס־בעשרענקונגען

האָבען אַ דעמאָראַליזירענדיגע ווירקונג אויף דער ארומיגער בעפעלקערונג: רעספּעקטירענדיג דאָס געזעץ, מוז די בעפעלקערונג ממילא פעראַכטען יענע מענשען, וועלכע ווערען פונ'ם געזעץ פעראַכטעט.

די רעכטס־בעשרענקונגען געגען אידען ערציהען אין דער ארומיגער בעפעלקערונג אינסטינקטען פון האַס און אינטאָלעראַנץ און געוואוינען זי צו צום געדאַנק, אַז מיט דעם אידען מעג מען טאָן אַלצדינג, אַז דער איד איז „פויגעל־פריי“, ער ווערט פונ'ם געזעץ ניט געשעצט און ניט געשיצט. דאָס שאַפט אַ גינציגען באָדען פאַר פּאָגראָם־אַגיטאַציע און בלוט־בלבולים, ווי בכלל פאַר אַלע אַנטי־סאָציאַלע אויסערונגען פון אַנטיסעמיטישע געפיהלען. *)

בכן איז אונזער ערשטע און עלעמענטאַרסטע פאָדערונג צו די רעגירונגען פון די רעכטלאָזע לענדער: עס זאָלען אָפּגעשאַפט ווערען אַלע יענע בעשרענקונגען פון פערזענליכע רעכט, וועלכע זיינען געריכטעט געגען אידען. און ניט טיילווייז, נאָר אַלע מיט אַ מאָל זאָלען די בעשרענקונגען בטל ווערען, ווייל דער עיקר איז ניט נאָר דער דירעקטער שאָדען, וואָס אידען ליידען פון דער געבונדענקייט און פון די קייטען, נאָר אויך דער מאָראַלישער שאָדען: אפילו די קלענסטע רעכטס־בעשרענקונג דעמאָראַליזירט די ארומיגע בעפעלקערונג און שפּייזט די פעראַכטונג צו אידען און די הפקרות.

## ב. בירגערליכע רעכט.

אויב קיין ציוויליזירטע לאַנד פערדיענט ניט דעם נאָמען אַזוי לאַנג, ווי ס'ווערען דאָרט בעשרענקט די פערזענליכע רעכט פון גאַנצע גרופּען פון דער בעפעלקערונג, איז אַ קאָנסטיטוציאָנעלע לאַנד ניט מעגליך אַזוי לאַנג, ווי דאָרט בעזיצען ניט אַלע בירגער קיין גלייכען אַנטייל אין דער פּאָליטיק פון לאַנד. לויט דעם מאָדערנעם דעמאָקראַטישען רעכטס־בעגריף איז דער בירגער אַן אָרגאַנישער טייל פון שטאַט. דער שטאַט דאַרף ניט האָבען

---

*) זאָל מען אונז ניט פאַלש אויסטייטשען: מיר ווילען ניט זאָגען, אַז דער האַס צו אידען שטאַמט פון דער אידישער רעכטלאָזיגקייט. ס'פערשטעהט זיך, אודאי, די רעכטלאָזיגקייט שטאַמט פונ'ם האַס און איז אַ פאָלגע פון איהם. נאָר מיר ווילען בלויז זאָגען, אַז די פאָלגע ווירקט אַליין אויף איהר אורזאַך און פערשטאַרקט זי נאָך מעהר: די רעכטלאָזיגקייט סאַנקציאָנירט דעם האַס און די פעראַכטונג צו אידען.

קיין אנדער אויפגאבע, ווי צו רעגולירען און צו שיצען די געזעצליכע אינ־טערעסען פון אלע בירגער. דער בירגער איז בזה האופן ניט קיין פאסיווער אָביעקט פון דער שטאַטליכער טעטיגקייט, נאָר איהר אַקטיווער סוביעקט, ער בעטייליגט זיך אין דער טעטיגקייט פונ'ם שטאַט אויף גלייכע יסודות מיט אַלע אַנדערע בירגער.*) גלייכע רעכט און גלייכע פליכטען פאַר אַלע בירגער, איז דער פּרינציפּ פון מאָדערנער געזעלשאַפטליכקייט. דערביי מאכט דאָס געזעץ נאָר אַן אויסנאַהם פאַר ניט פּאָליטיש־פעהיגע עלעמענטען: ד. ה. פאַר קינדער, שוואַכזיניגע, פערברעכער; און אין דער מעהרהייט לענדער ווערען גרויסע אויסנאהמען און רעכטס־בעשרענקונגען נאָך געמאכט פאַר פרויען.

בירגערליכע (אָדער פּאָליטישע) רעכט בעטייטען אַלזאָ דאָס רעכט אויף פּאָליטישער און געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט: דאָס רעכט צו וועהלען און געוועהלט צו ווערען אין אַלע פערטרעטונגס־קערפּערשאַפטען פון לאַנד, און צו פערנעהמען אַלע עפענטליכע עמטער און רעגירונגס־שטעלען. חוץ דעם, האָט יעדער בירגער דאָס רעכט בעשיצט צו ווערען אין אַ פרעמדען לאַנד דורך די פערטרעטער פון זיין רעגירונג. — כדי צו גענייסען אָט די אַלע רעכט, מוז מען זיין אַ ב י ר ג ע ר פון לאַנד; אויסלענדישע שטאַטס־בירגער קאָנען ניט קריגען אַזוינע רעכט, סיידען אין אַן אויסנאַהמס־פאַל, אַלס אַ בעזונדערע פּריווילעגיע. דעריבער הייסען אָט די רעכט — ב י ר־ג ע ר ל י כ ע, צום אונטערשיעד פון די מענשליכע רעכט און פּערזענליכע פרייהייטען: מענשליכע רעכט טאָרען בכלל ביי קיינעם ניט פערלעצט ווערען, ס'מעג זיין אַ בירגער אָדער אַן אויסלענדער, און פּערזענליכע רעכט קאָנען אין דער מאָדערנער פּראַקטיק בעשרענקט ווערען בלויז פאַר אויסלענדער.*)

---

*) דאָ איז ניט דער פּלאַץ פאַר אַ ויכוח מיט יענע רעאַקציאָנערע אָדער האַלב־רעאַקציאָנערע, האלב־קאָנסטיטוציאָנעלע יוריסטען, וואָס בעטראַכטען דעם שטאַט פאַר אַ מין לויתן, וועלכער דאַרף איינשלינגען אַלע בירגער און בעציהען זיך צו זיי, ווי צו פּאַסיווע אָביעקטען פון זיין סוּאווערענעם ווילען. אפילו אַזוינע טעאָרעטיקער פון שטאַטס־רעכט לייקענען ניט, אַז דער שטאַט דאַרף ג ל י י ך בעהאנדלען אַלע זיינע בירגער.

*) לויט דער מאָדערנער יורידישער פּראַקטיק ערלויבען זיך אפילו די פרייסטע לענדער צו בעשרענקען די פּערזענליכע פרייהייטען פון אויסלענדער, צ. ב., די איינוואַנדערונגס־געזעצען אין אַמעריקאַ ענטהאַלטען אין זיך זעהר שטרענגע בעשרענקונגען פון פּערזענליכע רעכט, אָבער בלויז פאַר אויסלענדער. דערפאַר קאָן מען דאָס ניט פערגלייכען מיט דער רוסישער „טשערטאַ“, וועיל

אויך דאָ איז כדאי צו בעטאָנען, אַז די מענשליכע און פּערזענליכע רעכט זיינען ביי דעם היינטיגען פּרינציפּ פֿון גלייכהייט פֿאַר'ן געזעץ ענג פֿערבונדען מיט בירגערליכע רעכט. די אונגלייכהייט פֿון בירגערליכע רעכט טיילט די בעפֿעלקערונג אין בירגער פֿון פֿערשיידענעם ראַנג און דעמאָ־ראַליזירט זי, דערציהט הכנעה אָדער אונצופֿרידענהייט ביי די בירגער פֿון נידעריגערען ראַנג און הפקרות ביי די פּריווילעגירטע עלעמענטען. די בירגערליכע (אָדער פּאָליטישע) גלייכבערעכטיגונג איז דערמיט אַ גאַראַנטיע פֿאַר די מענשליכע און פּערזענליכע רעכט, און די לעצטע בלייבען אָהן דער ערשטער אַ וועניג־וואָס רעספּעקטירטער אָדער סתם טויטער בוכשטאַב. די בירגערליכע גלייכבערעכטיגונג פֿאַר אידען וועט צוגעוואוינען די אַרומיגע בעפֿעלקערונג און אויך די רעגירונגס־אָרגאַנען צו אַכטען דעם אידען, ווייל דער איד ווערט געאַכטעט פֿונ'ם געזעץ.

די אידעע פֿון „מענשליכע און בירגערליכע רעכט" איז צוערשט דעפֿינירט געוואָרען אין דער אַמעריקאַנער „דעקלאַריישאָן אָוו אינדעפּענדענס" און אין דער פֿראַנצויזישער „דעקלאַראַציע פֿון די רעכט פֿון מענשען". די לעצטע האָט אָבער שטאַרק פֿערמישט די בעגריפֿען „מענש" און „בירגער", און אין לויף פֿון דער ווייטערדיגער פּאָליטישער ענטוויקלונג פֿון אייראָפּאַ איז געשאַפֿען געוואָרען דער ניט־קלאָרער טערמין „בירגערליכע גלייכ־בערעכטיגונג", וועלכער נעהמט אַרום אַלע דריי קאַטעגאָריעס: די מענש־ליכע רעכט, וואָס געהערט צו אַלעמען, סיי בירגער, סיי אויסלענדער; די פּערזענליכע פֿרייהייטען, וואָס געהערען צו אַלע בירגער (יעדענפֿאַלס, אין פּרינציפּ) און אָפֿטמאָל אויך צו אויסלענדער; אין די בירגערליכע רעכט, וואָס געהערען, אין פּרינציפּ, צו אַלע פּאָליטיש־פֿעהיגע בירגער און נאָר צו זיי.

אַמעריקאַ האָט דאָס רעכט אָנצונעהמען געזעצען געגען אויסלענדער, און געגען אייגענע בירגער טאָר מען אַזוינע געזעצען (ווי די „טשערטאַ") ניט שאַפֿען. בנוגע צו די פּערזענליכע רעכט פֿון אויסלענדער ווערט אָפֿט פּראַקטיצירט דער פּרינציפּ פֿון געגענזייטיגקייט („רעסיפּראָסיטי"): אויף וויפֿיעל דו בעשרענקסט מיינע בירגער ביי זיך אָדער דו גיסט זיי פֿרייהייט, אויף אַזוי פֿיעל וועל איך ביי מיר בעשרענקען דיינע בירגער אָדער זיי פֿרייהייט לאָזען. פֿון אָט די בעמער־קונגען קאָנען מיר שוין בעגרייפֿען דעם גאַנצען יעזואיטיזם פֿון רומעניען, ווען זי האָט ערקלעהרט אידען פֿאַר „אויסלענדער" און בעהאַנדעלט זיי לויט'ן פּרינציפּ פֿון „רעסיפּראָסיטי": וואָס די רומענער מעגען טאָן אינ'ם אידישען לאַנד, דאָסזעלביגע מעגען די אידען אין רומענישען לאַנד...

אינ'ם קאַמף פאַר אידישער עמאַנסיפּאַציע האָט מען שטענדיג געהאַט צו טאָן מיט בעשרענקונקען פון בירגערליכע און פּערזענליכע רעכט, ווייל די פּערזענליכע רעכט ווערען דאָך ממילא ניט בעשרענקט דאָרט, וואו ס'איז אנערקענט די בירגערליכע גלייכבערעכטיגונג. אין אַלע לענדער האָבען די אידען געליטען אונטער בעשרענקונגען ניט נאָר פונ'ם רעכט צו פערנעהמען עפענטליכע עמטער, נאָר אויך פונ'ם רעכט אויף בעוועגונג, בעשעפטיגונג און בילדונג.

פיהלענדיג, אז דאָ איז פאַראַן אַ רעכטליכער אונטערשייד און ניט קאָנענדיג איהם יורידיש פאָרמולירען, האָבען די פּובליציסטען זיך אָנגעכאַפּט פאַר דעם יורידישען אויסדרוק „פּאָליטישע רעכט". דערפון איז ארויסגעקומען דער אונטערשייד, וואָס מ'מאַכט געוועהנליך צווישען בירגערליכע און פּאָליטישע רעכט. דאָס איז אָבער אַ גרייז: צווישען די בירגערליכע און פּאָליטישע רעכט איז קיין שום חלוק ניטאָ, דאָס איז איינס און דאָסזעלביגע: ווייל „בירגער" איז דאָך, קודם כל, אַ פּאָליטישער בעגריף. דער ווירקליכער אונטערשייד ליעגט צווישען די בירגערליכע און פּערזענליכע רעכט. *)

הכלל, מיר דאַרפען ביי די רעגירונגען פון די רעכטלאָזע לענדער פאָדערען גלייכע און פולע בירגערליכע רעכט פאַר אידען. געוועהנליך ווערען דאָס פאָרמולירט אין די גרונד־געזעצען, אין דער קאָנסטיטוציע פון לאַנד, דורך דער ערקלערונג, אַז קיין בירגער קאָן ניט אויסגעשלאָסען ווערען פונ'ם רעכט צו פערנעהמען עפענטליכע עמטער א. אַז. וו., בלויז אויף דעם איינציגען גרונד פון זיין רעליגיע אָדער פון זיין פאָלקס־שטאַם.

ס'הארף נאָך בעמערקט ווערען, אַז יורידיש און פאַקטיש טאָר מען ניט פערמישען די בעגריפען „בירגערליכע גלייכבערעכטיגונג" און „רעלי־

---

*) ווען פרויען־בירגערינס, צ. ב., ווערען אויסגעשלאָסען פון ירושה־רעכט, הייסט עס, אַז זיי זיינען בעשרענקט אין זייערע פּערזענליכע (אָביעקטיווע) רעכט. ווען די זעלביגע פרויען־בירגערינס ווערען אָבער אויסגעשלאָסען פון וואַהלרעכט, הייסט עס, אַז זיי זיינען בעשרענקט אין זייערע בירגער־רעכט: זיי געניסען ניט די פולע בירגער־רעכט, נאָר בלויז אַ קליינעם טייל פון זיי. בכן האָט ניט קיין זינען צו פאַנאַנדערטיילען בירגערליכע און פּאָליטישע רעכט, סיידען ווען מ'בעטראַכט די פּאָליטישע רעכט אלס אַ ט ײ ל פון די בירגער־רעכט, ווי די יוריסטען טוען אָפטמאָל. הכלל, פאָדערנדיג פולע בירגערליכע רעכט פאַר אידען, פאָדערן מיר שוין ממילא דורך דעם אַליין אויך די פּאָליטישע רעכט, און ס'איז ניט נויטיג דאָס אויסצוטיילען.

גיאָנס־פרייהייט", הגם בנוגע צו אידען ווערען זיי אָפט פערמישט, און מיר האָבען געזעהן ביישפיעלען, ווען די רומענישע רעגירונג, א שטייגער, האָט געפּרובט צו נארען די עפענטליכע מיינונג, אז ביי איהר איז פולע רעליגיאָנס־פרייהייט ובכן האָבען זיך די אידען ניט וואָס צו בעקלאָגען. רעליגיעזע פרייהייט געהערט גאָר צו די פּערזענליכע רעכט, און ניט צו די בירגערליכע, דערצו איז דאָס ניט מעהר ווי איינעס פון די פּערזענליכע רעכט. היינטיגע צייטען קאָן מען געניסען פולע רעליגיאָנס־פרייהייט אין א רעכט־לאָזען לאנד און דאך בעהאנדעלט ווערען ווי א פּאריער. אזוי איז עס טאקע מיט די אידען אין רומעניען און אין פינלאנד.

די פערוועקסלונג שטאמט פון דער פעאָדאלער צייט, ווען די רעליגיע איז געווען א הערשענדיגע מאכט אין פּאָליטישען לעבען, און יעדע אמונה איז געווען פּאָליטיש אָרגאניזירט אין א קירך. די היינטיגע קאָנסטיטוציאָנעלע אָרדנונג אנערקענט אָבער דעם גלויבען פאר א סוביעקטיווען צושטאנד פון פּערזענליכען געוויסען, אָדער פאר א געוויסער קאָמבינאציע פון גלייך־געזאָנענע פּערזאָנען אין פאָרם פון א רעליגיעזער געמיינדע. ביי אידען איז אין דער פעאָדאלער צייט די רעליגיע געווען דער סימן פון זייער נאציאָ־נאליטעט. היינט האָט די אידישע נאציאָנאליטעט אנדערע סמנים. און דאָ קומען מיר צום בעגריף פון נאציאָנאלע רעכט.

## .9

## נאציאָנאלע פראגע און נאציאָנאלע רעכט.

וועגען פּערזענליכע און בירגערליכע רעכט איז ניט געווען קיין סך צו זאָגען, ווייל ביידע בעגריפען האָבען שוין אליין לאנג געקראָגען בירגער־רעכט אי אין דעם פּאָליטישען לעבען אי אין דער יורידישער וויסענשאפט. די אידעע אָבער פון נאציאָנאלע רעכט איז א גאנץ נייע, א סך פּראָגרעסיווע פּארטייען און מענשען ווייסען נאך גאָר ניט פון איהר וויכטיגקייט, און מיר דארפען זיך אויף איהר גענויער אָפּשטעלען.

ווי מיר האָבען געזעהן, דיענט דאָס רעכט צו רעגולירען די קאָנפליקטען צווישען אינטערעסען. דאָס רעכט דערגרייכט דעם צוועק דערמיט, וואָס עס גרעניצט די אינטערעסען פאנאנדער און צייכענט אָן פאר יעדען אינטערעס די גרעניצען פון זיין קאָמפּעטענץ, וואָס ווייטער פון זיי טאָר דער אינטערעס ניט גרייכען. יעדע פערלעצונג פון א רעכט איז א הסגת גבול, אן איבערשטרייטונג פון די גרעניצען. די מענשליכע

רעכט גרעניצען פאַנאַנדער די אינטערעסען פון איינצעלנע פערזאָנען. די פערזענליכע רעכט לעגען אַ גרעניץ צווישען דער קאָמפּעטענץ פון שטאַט און די פריוהייטען פון פערזאָנען. די בירגערליכע רעכט גרעניצען פאַנאַנדער די פּאָליטישע אינטערעסען און די פּאָליטישע טהעטיגקייט פון די בירגער.

די נאַציאָנאַלע רעכט שאַפען אַ גרעניץ צווישען די אינטערעסען פון שטאַט און די אינטערעסען פון אַ נאַציע.

כדי צו פערשטעהן די זאַך, דאַרפען מיר אַלזאָ קלאָר ווערען, וואָס הייסט נאַציאָנאַלע אינטערעסען. אַ נאַציע איז אַ היסטאָריש־אויסגעבילדעטער קבוץ מענשען, וואָס האָבען אַ געמיינזאַמע פערגאַנגענהייט, וועמעס עקאָנאָמישעס לעבען האָט זיך ענטוויקעלט אונטער געמיינזאַמע פּראָדוקציאָנס־בעדינגונגען און וועמעס גייסטיגע לעבען האָט דעריבער אָנגענומען די געשטאַלט פון אַ געמיינזאַמער קולטור.*) די אינטערעסען פון אַ נאַציע קאָנען זיין דעריבער פונקט אַזוי פערשיידענאַרטיג, ווי די אינטערעסען פון אַ יחיד: אַ נאַציע קאָן האָבען עקאָנאָמישע, קולטורעלע און פּאָליטישע אינטערעסען. אַ נאַציע קאָן פונקט אַזוי בעזיצען אַ קאָלעקטיוועס פערמעגען, ווי אַ יחיד זיין פּריוואַט־פערמעגען. נאָר פונקט ווי אַ יחיד דערקענט מען ניט נאָך זיינע מאַטעריעלע רייכטימער, נאָר דורך די קערפּערליכע און גייסטיגע אייגענשאַפטען זיינע, אַזוי ווערט אויך אַ נאַציע דערקענט דורך איהרע אַנטראָפּאָלאָגישע און גייסטיגע אייגענטימליכקייטען. די סמנים פון אַ יחיד זיינען: זיינע געזיכטס־שטריכען, זיין וואוקס, מאַנירען, כאַראַקטער, זיין אינטעליגענץ, פעהיגקייטען א. ד. גל. די סמנים פון אַ נאַציע זיינען איהרע פיזישע אייגענשאַפטען (פאַרב פון הויט און האָר, דורכשניטליכער וואוקס, קראַניאָמעטרישע פּראָפּאָרציעס א. ד. גל.) און די גייסטיגע אייגענשאַפטען — שפּראַך, מדות, קולטור־אוצרות.

בכן איז פאַלש צו מיינען, אַז נאַציעס האָבען בלויז קולטורעלע אינטערעסען. די קולטור איז נאָר דער דייטליכסטער און בכן דער וויכטיגסטער סימן פון אַ נאַציע, אָבער ווייט ניט דער גאַנצער אינהאַלט פון איהר לעבען. נאַציאָנאַלע אינטערעסען זיינען אַלע יענע אינטערעסען, וועלכע טיילען אָפּ איין נאַציע פון דער צווייטער. אויב די נאַציע פערמאָגט אַן אייגענע טעריטאָריע, האָט זי טעריטאָריאַלע אינטערעסען. אויב

---

*) ז' די בראָשורע פון ב. באָראָכאָוו „קלאַסען־אינטערעסען און נאַציאָנאַלע פראַגע", ווילנא 1906, און אָטאָ בויער, „די נאַציאָנאַליטעטען־פראַגע און די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע", וויען 1907.

זי האָט קיין טעריטאָריע ניט, אָדער די אייגענע קלעקט ניט פאַר איהר, און זי שטרעבט צו פערשאַפען זיך אַ נייע טעריטאָריע, דאַן האָט זי קאָלאָ־ניזאַציאָנס־אינטערעסען, אָדער יעדענפאַלס עמיגראַציאָנס־אינטערעסען. נאָר אַזוי ווי דער דייטליכסטער סימן פון אַ נאַציע איז איהר שפּראַך און קולטור, דעריבער פערנעהמען די קולטורעלע און שפּראַכליכע אינטערעסען דעם אויבען־אָן אינ'ם נ א צ י אָ נ א ל ע ן לעבען פון אַ פאָלק.

די אינטערעסען פון אַ יחיד האָבען אַ רעכטליכע ווערדע בלויז דאַן, ווען דער יחיד איז בנוגע צו די דאָזיגע אינטערעסען בעוואוסטזיניג. אַן אַמאָליגער שקלאַף האָט אודאי געהאַט אַ סך בעדערפעניששען, וואָס ניט די הערשער זיינע, ניט ער אַליין האָבען ניט געוואוסט דערפון. האָבען זיינע אינטערעסען ניט געהאַט קיין רעכטליכע קראַפט. דאָסזעלביגע מיט אַ נאַציע: אַזוי לאַנג, ווי זי האָט אבסאָלוט ניט דאָס בעוואוסטזיין פון איהרע בעדערפענישען, קאָן קיין רעדע ניט זיין מכח נאַציאָנאַלע אינטערעסען און נאַציאָנאַלע רעכט. ניט מיט אַמאָל קומט אַ יחיד צום בעוואוסטזיין פון זיינע אינטערעסען: ער הויבט אָן צוביסלעכווייז פערשטעהן צוערשט די דייטליכסטע אינטערעסען זיינע, יענע וואָס לאָזען זיך שאַרפער פיהלען, און מיט דער צייט ווערט דער קרייז פון זיינע אינטערעסען אַלץ ברייטער און אָנגעשפּאַנטער. אָט אַזוי איז עס אויך מיט אַ נאַציע: צוערשט קומט אַ קליינער טייל פון איהר, די אינטעליגענטסטע און אנטפינדליכסטע שיכט איהרע צום בעוואוסטזיין פון די נאַציאָנאַלע בעדערפענישען, און דערוויל נאָך ניט פון אַלע, נאָר בלויז פון אַ טייל בעדערפענישען, פון די וויכטיגסטע, פון די וואָס לאָזען זיך שטאַרקער פיהלען. ערשט כוואַליעסווייז פער־שפּרייט זיך דאָס נאַציאָנאַלע בעוואוסטזיין צווישען די קינדער פון פאָלק, זייערע נאַציאָנאַלע אינטערעסען ווערען אַליין אויך אַלץ רייכער, ברייטער און אינטענסיווער.

ווען אַ נאַציע, אָדער לפּחות אַ בעדייטענדער טייל פון איהר, שטרעבט צו בעפרידיגען איהרע נאַציאָנאַלע אינטערעסען, און ווען דאָס רופט ארוים קאָנפליקטען מיט אַנדערע נאַציעס אָדער מיט דער מלוכה, — אין אַזאַ פאַל ענטשטעהט אַ נ א צ י אָ נ א ל ע פ ר א ג ע. יענע טעטיגקייט, די אינער־ליכע (צווישען די אייגענע מיטגליעדער) און די אויסערליכע, וואָס די נאַציע ענטוויקעלט, כדי צו בעפרידיגען איהרע אינטערעסען, רופט זיך אָן — נ א־ צ י אָ נ א ל ע פּ אָ ל י ט י ק. ווען די נאַציאָנאַלע פּאָליטיק שטויסט זיך אָן אויף דער פּאָליטיק פון שטאַט, קומט דערפון אַרוי'ס דער ק א מ פ ף פ א ר נ א צ י אָ נ א ל ע ר ע כ ט.

בנוגע צו דער נאציאנאלער פראגע דארף מען אונטערשיידען דריי קאטעגאריעס פון שטאטען: נאציאנאל־שטאטען, נאציאנאליטעטען־שטאטען און נאציאנאל־אינדיפערענטע שטאטען.

אויב אונטער א שטאט לעבט בלויז איין איינציגע נאציע, רופט מען אזא שטאט — נאציאנאל־שטאט. אויב אבער אונטער איין שטאט לעבען עטליכע נאציעס און ס'ענטשטעהט דורך דעם א נאציאנאלע פראגע, רופט מען עס נאציאנאליטעטען־שטאט. נאציאנאל־שטאטען זיינען, צ. ב., פראנקרייך, איטאליען, בולגאריען, שפאניען, האלאנד, די דריי סקאנדינאווישע מלוכות. נאציאנאליטעטען־שטאטען זיינען, צ. ב., ענגלאנד, רוסלאנד, דייטשלאנד, עסטרייך־אונגארן, טערקיי, בעלגיען, קענעדע. אויב פוילען זאל צוריק ווערען א זעלבסטשטענדיגע מלוכה, וועט זי זיין א נאציאנאליטעטען־שטאט, ווייל דארט לעבען, חוץ פאליאקען, אויך אידען, ליטווינער, אוקראאינער, דייטשען.*)

אין א נאציאנאל־שטאט הערשט פולע הארמאניע צווישען די אינטערעסען פון דער נאציע און פון שטאט, ווייל דער שטאט איז דאך איהר שטאט און זי קאן איהם צופאסען צו איהרע נאציאנאלע אינטערעסען. אין א נאציאנאליטעטען־שטאט געפינט זיך דער שטאטס־מעכאניזם געוועהנליך אין רשות פון איין פאלק, — דעם הערשענדיגען פאלק, און די איבעריגע פעלקער זיינען מעהר אדער ווייניגער אפגעשטויסען פון דער מאכט און פונ'ם איינפלוס אויפ'ן שטאטס־מעכאניזם. דאס הערשענדע פאלק איז, פערשטעהט זיך, יענעס, וואס האט אלע איבעריגע פעלקער איינגענומען, און אין לויף פון א לאנגער געשיטכע אויסגעבויט דעם שטאט איבער די רוקענס פון אלע פעלקער פון לאנד.

---

*) א מלוכה, וועלכע איז א לאנגע צייט געווען א ריינער נאציאנאל־שטאט, קאן אבער שנעל פערוואנדעלט ווערען אין א נאציאנאליטעטען־שטאט, אויב זי נעהמט איין זיך אריין, דורך א גליקליכער מלחמה, נייע פראווינצען מיט א פרעמדער בעפעלקערונג. אזוי איז רומעניען, צ. ב., ביז'ן יאהר 1913 געווען א נאציאנאל־שטאט; נאך דעם אבער, ווי זי האט איינגענומען די בולגארישע דאברודזשא, איז רומעניען פערוואנדעלט געווארען אין א נאציאנאליטעטען־שטאט. דאס אומגעקעהרטע קאן אויך טרעפען מיט דייטשלאנד אדער ענגלאנד, זיי זאלען ווערען פון נאציאנאליטעטען־שטאטען צוריק נאציאנאל־שטאטען, אויב פון זיי זאלען אפפאלען אלע פרעמד־שטאמיגע פראווינצען.

אין די נאציאנאל־שטאטען איז קיין נאציאנאלע פראגע ניטא און קאן ניט זיין. אין די נאציאנאליטעטען־שטאטען דריקט דער פאליטישער מעכאניזם, אין די אינטערעסען פון דער הערשענדער נאציע, אויף די אינטערעסען פון די איבעריגע פעלקער. דערפון ענטשטעהט א נאציאנאלע פראגע און א קאמף פאר נאציאנאלע רעכט. ס'זיינען אבער אויך פאראן שטאטען, וואו ס'לעבען א סך פעלקער, נאר זיי האבען ניט קיין נאציאנאלע אינטערעסען, ד. ה. זיי זיינען ניט בעוואוסטזיניג אין זייערע נאציאנאלע בעדערפענישען, און דערפאר איז דארט קיין נאציאנאלע פראגע ניטא. לאמיר אנרופען אזוינע שטאטען נאציאנאל־אינדיפערענטע שטאטען. א ביישפיעל דארף מען ניט ווייט זוכען: די פעריייניגטע שטאטען פון אמעריקא. דא וואוינען אויסגעמישט צעהנדליגער פערשיידענע פעלקער־גרופען, נאר מחמת די ספעציעלע בעדינגונגען פון איינוואנדערונג בעגעגענען זיי דא שוין א פארטיגע און מעכטיגע קולטור, די אמעריקאנישע קולטור, צו וועלכער זיי פאסען זיך אלע צו מיט דער גרעסטער גרייטוויליגקייט. בכן איז אין אמעריקא ניטא קיין נאציאנאלע פראגע און קיין נאציאנאלע פאליטיק, און דא קאן קיין רייד דערוועגען ניט זיין פון נאציאנאלע רעכט.*)

די פראגע פון פערזענליכער און בירגערליכער גלייכבערעכטיגונג האט צו טהאן מיט אלע לענדער און אלע שטאטען, די נאציאנאלע רעכט אבער האבען צו טהאן בלויז מיט נאציאנאליטעטען־שטאטען. און אויב מיר רעדען ספעציעל וועגען אידען, מוזען מיר דאס אזוי פארמולירען: אידען נויטיגען זיך אין גלייכע נאציאנאלע רעכט אין אלע יענע שטאטען, וואו די נאציאנאלע פראגע שטעהט אויף דער טאגעסארדנונג פון דער שטאטס־פאליטיק, און וואו די אידען וואוינען אין א בעדייטענדער צאהל. אזוינע לענדער זיינען: רוסלאנד, פוילען, עסטרייך, אונגארן, טערקיי און אפשר אויך רומעניען.

אלע אנדערע פארמולירונגען פון נאציאנאלע רעכט פאר אידען דערגרייכען ניט דעם צוועק פון קלארקייט. ווען מ'זאגט, צ. ב., „נאציאנאלע

---

*) אויב דאס וועט שטענדיג אזוי בלייבען, איז ניט דא דער פלאץ פאר נביאות. פאראן א מיינונג, אז אמעריקא וועט מיט דער צייט ווערען א נאציאנאליטעטען־שטאט, אזוי ווי ס'איז אויך פאראן א מיינונג, אז אין דער ווייטער צוקונפט וועלען גאר אלע שטאטען פון דער גאנצער וועלט ווערען נאציאנאל־אינדיפערענט.

רעכט פאַר אידען אין אַזוינע לענדער, וואו נאַציאָנאַלע רעכט ווערען בכלל אנערקענט", האָט עס צו טהאָן בלויז מיט עסטרייך, טערקיי און בעלגיען; רוסלאַנד און, מעגליך, פוילען אַנערקענען ניט קיין נאַציאָנאַלע רעכט. זאָגט מען ווייטער, „אין אַזוינע לענדער, וואו נאַציאָנאַלע רעכט ווערען אָדער דאַרפען ווערען אנערקענט", ענטשטעהט ערשט די פראגע, וואו זשע דאַרפען די נאַצ. רעכט אנערקענט ווערען און ווער דאַרף זאָרגען פאַר זייער אנערקענונג? די גאַנצע פראַגע בעציהט זיך בלויז צו די נאַציאָנאַליטעטען־שטאַטען, און דער גאַנצער קאָנ־פליקט קומט גראָד דערפון, וואָס אַזוינע שטאַטען ווילען ניט אָנערקענען קיין נאַציאָנאַלע רעכט.*)

נאָך די גרויסע בירגערליכע רעוואָלוציעס האָבען זיך אַלע שטאַטען געבויט לויט איין און דעמזעלביגען פרינציפּ פון צענטראַליסטישען ליבעראַ־ליזם, וועלכער בעהאַנדעלט דעם בירגער, אַלס אַן אַטאָם, אַ יש פאַר זיך, און בינדט צונויף מעכאַניש אַלע אַטאָמען אין איין צענטרום: דער רעגירונג.

---

*) ווען די דאָזיגע בראָשורע האָט זיך שוין געפונען אין דרוק, האָט אַ טייל אַמעריקאַנער אידען, וואָס קעמפט געגען די נאַציאָנאַל־אידישע פאָדערונגען, זיך פעראייניגט אין אַ „קאָנפערענץ פון אַמעריקאַנער אידישע אָרגאַניזאַציעס" און אין'ם פּראָגראַם פון אידישע פאָדערונגען האָט די קאָנפערענץ (אין האָטעל אַסטאָר אין ניו יאָרק, דעם 16 יולי 1916) אַריינגעשטעלט אַ פונקט פון גרופּען־רעכט פאַר אידען אין אַזוינע לענדער, וואו די גרופּען־רעכט זיינען אַנערקענט פאַר אַנדערע פעלקער און וואו די אידען פערלאַנגען דאָס פאַר זיך". אַזאַ פאָרמולע איז די אונגעראָטענסטע און אונלאָגישסטע, וואָס מ'קאָן זיך נאָר פאָרשטעלען. וואָס הייסט „גרופּען" און וואָס מיינט „גרופּען־רעכט", און וואָס פאַר אַ שייכות האָט דאָס מיט די נאַציאָנאַלע אינטערעסען און מיט דער נאַציאָנאַלער פראַגע? קיין יוריסט און קיין פּאָליטיקער וועט דאָס ניט אויסטייטשען. אָנשטאָט לאָגיק און אויפריכטיגקייט, איז דער קאָמישער בעגריף „גרופּען־רעכט" פול מיט פּאָלי־טישער היפּאָקריזיע און דיענט בלויז צו פערטונקלען די קלאָרע פּאָליטישע פראַגען. דאָס איז ניט קיין פּאָליטישער בעגריף און ניט קיין יורידישער, נאָר אַ מה־יפית'דיגער. זיין פּאָליטישער ווערט איז גלייך נול, פונקט ווי דער פּאָליטישער ווערט פון'ם רוסישען אויסדרוק „קאָנסטיטוציאָנעלע זעלבסטהערשאַפט", און דער גייסט פון אונוויסענהייט, פון אונזיניגען קאָמפּ־אָמיס און פּאָליטישען דאָפּעל־שפּיעל שטעקט אין אַ גלייכער מאָס ביי די אויטאָרען פון „קאָנסטיטוציאָנעלער סאַמאָדערזשאַוויע", סיי ביי די ערפינדער פון אידישע „גרופּען־רעכט".

דאָס לעבען פון שטאַט דריקט זיך דאָ אויס אין זיין פערוואַלטונג: ער פערוואַלטעט איבער די בירגער דירעקט און פערטראָגט ניט קיין אַנדער מאַכט צווישען זיך און דעם בירגער. די ליבעראַלע שטאַטס־אידעע האָט נאָר אויף אַזוי ווייט געמאכט הנחות דעם בירגער, אלס אטאָם, אלס אָפּגעזונדערטער שטויבעלע, וואָס זי האָט איהם ערלויבט צו פערבינדען זיך מיט אַנדערע אזוינע שטויבעלעך און קערפּערשאַפטען, ווירטשאפטליכע, רעליגיעזע, פּאַרטייאישע. אין די נאַציאָנאליטעטען־שטאַטען האָט אָבער די ליבעראלע אידעע דעם העלפאנט ניט בעמערקט, אָדער געמאכט זיך ניט זעהענדיג איהם: דער העלפאנד איז די נאַציע, וואָס פערקניפּט די בירגער־שטויבעלעך אין לעבעדיגען היסטאָרישען אָרגאַניזם. אפילו דער ליבעראַלער נאַציאָנאַליטעטען־שטאַט האָט איגנאָרירט די נאַציאָנאלע בעדערפנישען פון די בירגער; אַ פשיטא שוין אַזאַ באַרבאַרישער נאַציאָנאַליטעטען־שטאַט, ווי רוסלאנד. דער שטאַט האָט פערגעסען, אז דער אָרגאניזם פון א נאַציע איז פיעל לעבעדיגער, נאַטירליכער, פעסטער, ווי דער מעכאַניזם פון שטאַט; אַז שטאַאַטען קאָנען קינסטליך און שנעל צוזאמענגעשטוקעוועט ווערען, ווי, אַשטייגער, דורך שדוכים פון זייערע הערשער, דורך ירושה, דורך עראָבערונג, און קאָנען פונקט אַזוי שנעל און קינסטליך צושמעטערט ווערען, דורך מלחמות, דורך רעוואָלוציעס, אָדער דורך אַ פשוט'ען אָפּמאך צווישען די ארומיגע שכנים. אָט איז, צ. ב., דאָס קעניגרייך פּוילען צונויפגעשטעלט געוואָרען דורך אַ שדוך פון אַ פּוילישער פּרינצעסין מיט אַ ליטווישען פירשט, און צובראָכען געוואָרען דורך אַן אָפּמאך צווישען רוסלאנד, פּרייסען און עסטרייך. אַ נאַציע אָבער לעבט מיט איהרע אינערליכע קאָלעקטיווע כחות, קאָן ניט קינסטליך אויפגעריכט ווערען און ניט קינסטליך פערניכטעט ווערען, און עס טוט שמאַרצליך וועה דעם צאַפּעלדיגען אָרגאַניזם פון א נאַציע, ווען מ'צושניידט זי אויף שטיקער אָדער מ'צושטויבט זי אין איינציגווייזע בירגער־אַטאָמען.

די לעבעדיגע כחות פון די נאַציעס האָבען ענדליך רעוואָלטירט נעגען דער ברוטאַלער צענטראַליסטישער פּאָליטיק פון שטאַט, און ס'האָט זיך פּאַנאַנדערגעפּלאַקערט אין בעלגיען און אירלאנד, אין עסטרייך און אונגארן, אין רוסלאנד און טערקיי אַ ביטערער נאַציאָנאַלער שטרייט, וועלכער שטערט די פּאָליטישע ענטוויקלונג פון דער גאַנצער מלוכה, דעמאָראַליזירט די פערוואַלטונגס־מאַשין און פלאַנצט אַ ווילדע העצע צווישען פערשיידענע פעלקער פון לאנד. די אונטערגעדריקטע פעלקער זיינען ארויס נעגען דעם הערשענדיגען פאָלק און נעריסען זיך אויך צווישען זיך איינער מיט'ן צווייטען. דאָס אַלעס האָט ענדליך געצוואונגען די נאַציאָנאַליטעטען־

שטאַטען, מעהר פאר אַלץ בעלגיען און עסטרייך, צו שטעלען זיך אויפ'ן וועג פון נאַציאָנאַלע רעפאָרמען.*)

די ענטוויקלונג פון די נאַציאָנאַלע רעפאָרמען געהט אין דריי ריכ־טונגען: אין דער ריכטונג פון פּראָווינציעלער זעלבסט־פערוואַלטונג, אין דער ריכטונג פון גלייכבערעכטיגונג פון שפּראַכען און אין דער ריכטונג פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע. אַזוי ווי די טעטיגקייט פון שטאַט דריקט זיך אויס אין דער פערוואַלטונג, איז די ערשטע פאָדערונג פון אַ נאַציע, וועלכע פיהרט נאַציאָנאַלע פּאָליטיק: אָפּצוגרעניצען די פערוואַלטונג פון שטאַט און איבער־געבען אַ טייל פערוואַלטונג צו דער נאַציע. נעמליך, יענעם טייל, וואָס האָט צו טאָן מיט די נאַציאָנאַלע אינטערעסען פון די בירגער, און קודם כל מיט זייער שפּראַך, דערציהונג און קולטור. די פערוואַלטונג איבער אָט די אַנגעלעגענהייטען דאַרף איבערנעהמען אָדער די נאַציאָנאַלע פּראָ־ווינץ, אויב אַזאַ איז פאַראַן (ד. ה. אויב די גאַנצע נאַציע וואוינט איינע אַליין אין אַ בעשטימטער פּראָווינץ: דאָס פּאַסירט זעהר זעלטען); אָדער די רעגירונג אַליין דאַרף אָנשטעלען אין איהר פערוואַלטונג בעאַמטע פון פערשיידענע נאַציעס און בענוצען אין פערוואַלטונג, אין געזעצגעבונג און אין געריכט אַלע שפּראַכען פון איהרע בירגער; אָדער די פערוואַלטונג פון די נאַציאָנאַלע אינטערעסען דאַרף איבערנעהמען די נאַציע גופא, אַלס אַן עפענטליך־רעכטליכע קערפּערשאַפט, אַ פערבאַנד פון אַלע קינדער פון פאָלק, און דאָס לעצטע רופט זיך נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע.

אין עסטרייך, און נאָך מעהר אין דער שווייץ איז ברייט דורכגעפיהרט דער פּרינציפּ פון פּראָווינציעלער זעלבסט־פערוואַלטונג, אין בעלגיען דער פּרינציפּ פון שפּראַכען־גלייכבערעכטיגונג, און אין טערקיי — דער פּרינציפּ פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע.*) וואו וואָסער אַ פּרינציפּ דאַרף מעהר אָנגעווענדעט ווערען, — אויף דעם איז קיין כלל נאָך ניטאָ, ווייל די גאַנצע פראַגע איז נאָך גאַנץ יונג. איין זאַך קאָן אָבער פעסטגעשטעלט ווערען

---

*) די טערקיי איז לכתחלה געווען פריי פון צענטראַליזם, ווייל איהר שטאַטס־אָרדנונג איז בכלל אַן אַנדערע, פון איין זייט פּראָגרעסיווער, פון דער אַנדער זייט פּרימיטיווער, איידער אין אייראָפּאַ.

*) אָט די פּאַקטישע בײשפּיעלען בעווייזען, אגב, ווי אומבעגרינדעס איז די טענה פון אַלע צענטראַליסטישע פּאָליטיקער, אַז ס'טאָר און ס'קאָן ניט זיין קיין נאַציאָנאַלע זעלבסטפערוואַלטונג, ווייל זי וואָלט געווען „אַ שטאַט אין אַ שטאַט" און „אַ נאַציע אין אַ נאַציע". דאָס וואָרט „נאַציע" האָט צוויי בעדיי־

מיט זיכערקייט, אַז דאָרט, וואו פערשיידענע נאַציעס זיינען צווישען זיך שטארק אויסגעמישט און וואוינען ניט אין קיין שארף אָפּגעגרעניצטע פּראָווינצען, וועט די פּראָווינציעלע זעלבסטפערוואלטונג אָהן נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע זיין אַ זיכערער דורכפאַל. דאָס האָט אונצווייפעלהאפט בעוויזען די געשיכטע פון עסטרייך.

בנוגע צו די אידישע רעכט (אין די גלות־לענדער) קאָן, פערשטעהט זיך, קיין רעדע ניט זיין מכח פּראָווינציעלער זעלבסטפערוואלטונג; בלייבען, הייסט דאָס, פאַר אונז די גלייכבערעכטיגונג פון שפּראכען און די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע.

די גלייכבערעכטיגונג פון שפּראַכען.

אַלע געזעצען און פעראָרדנונגען, און בכלל אַלע אָפיציעלע אקטען פון דער רעגירונג ווערען בעקאנט געמאכט דער בעפעלקערונג אין אַלע שפּראכען פון לאַנד; די רעגירונג ביי זיך בענוצט זיך מיט דער שפּראך פון דער מלוכה, ד. ה. פון דער הערשענדער מעהרהייטס־נאַציע (אין רוס־לאנד איז די מלוכה־שפּראך רוסיש, אין פּוילען — פּויליש, אין עסטרייך — דייטש, אין אונגארן — מאַדיאַריש, אין אָסמאַניען — טערקיש), נאָר צו דער בעפעלקערונג דארף די רעגירונג רעדען אין דער מוטער־שפּראך פון דער בעפעלקערונג.

די פערהאנדלונגען אין געריכט ווערען געפיהרט אין דער שפּראך פון די צדדים, וואָס בעטייליגען זיך אין פּראָצעס.

די בעאַמטע מוזען קענען די שפּראַכען פון דער בעפעלקערונג פון זייער געגענד.

חוץ דעם קומען נאָך די פערזענליכע שפּראך־פּרייהייטען, וואָס אַלע

---

טונגען; די עלטערע, די ענגליש־פראנצויזישע (נאַציאָן) מיינט די שטאַטליך־אָרגאַניזירטע בעפעלקערונג פון דער גאַנצער מלוכה; די מאָדערנע מזרח־אייראָפּעאישע מיינט יעדעס פאָלק, אַלס אַ היסטאָרישען אָרגאַניזם. אין טערקיש יוערעןביידע בעדייטונגען דייטליך פאַנאַנדערגעשיידט: „דעוולעט“ הייסט נאַציע־שטאַט, און „מילעט“ — נאַציע־פאָלק. אונטער איין אָסמאַנישען „דעוולעט“ לעבען, אויף ברייטע אויטאָנאָמישע יסודות, עטליכע „מילעטען“, און די איינהייט פון דער גאַנצער מלוכה ליידט פון דעם אויף קיין האָר ניט. אויב די טערקיי איז שטאַרק צוריסען געוואָרען און פערלאָרען גאַנצע פּראָווינצען, איז דערין שולדיג גאָר ניט די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע פון איהרע פעלקער, נאָר אויסשליסליך די אינטער־נאַציאָנאַלע אינטריגען פון די אייראָפּעאישע גרויסמעכט.

בירגער מעגען זיך פריי בענוצען מיט זייער שפראך אין פריוואט־פערקעהר, מינדליך, שריפטליך אָדער טעלעגראפיש, אין עפענטליכע פערזאמלונגען און אין דער פרעסע.

צו דער נאַציאָנאלער גלייכבערעכטיגונג געהערט נאָך די איינפיהרונג פון נאַציאָנאַלע וואהל־קוריעס, וואו יעדע נאַציע זאָל, לויט דער צאָהל פון איהרע מיטגליעדער, בעזונדער וועהלען איהרע דעפוטאטען און רעגירונגס־בעאמטע. אזוינע קוריעס עקזיסטירען אין איינ׳גע פּראָווינצען פון עסטרייך, נאָר ס׳איז נאָך דערוויילֿ אַן אָפענע פראגע, אויף וויפיעל דאָס איז צוועק־מעסיג.

אין אַלע נאַציאָנאליטעטען־שטאַטען מוזען אלזאָ די אידען פערלאנגען גלייכבערעכטיגונג און פרייהייט פאַר זייער מוטער־שפּראך, ד. ה. פאַר דער אידישער שפּראך.

די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע.

יעדע נאַציע ווערט קאָנסטיטואירט אין א פערבאנד, וואָס פערוואל־טעט זעלבסט זיינע אינערליכע ענינים און בעזיצט די רעכט פון א יורידישער פּערזאָן, ד. ה. דער נאַציאָנאלער פערבאנד קאָן ערווערבען אייגענטום, שאפען זיך מיט איהם, קאָן שליעסען קאָנטראקטען מיט אנדערע יורידישע און פּריוואט־פּערזאָנען, קאָן פיהרען פּראָצעסען אין זיין אייגענעם נאָמען, פער־טיידיגענדיג די אינטערעסען אָדער דעם כבוד פון דער נאַציע.

יעדער בירגער פון לאנד מוז געהערען, לויט זיין אייגענעם פרייען אויסקלייב, צו וועלכען ניט איז נאַציאָנאלען פערבאנד, און מוז צאָהלען דעם פערבאנד יענע שטייערען, וואָס דער פערבאנד לעגט אויף איהם ארויף.

אַלע מיטגליעדער פון נאַציאָנאלען פערבאנד, וואָס זיינען רייף דערצו, אָהן אונטערשייד פון געשלעכט, מוזען האָבען גלייכעס שטים־ און וואהל־רעכט אין אַלע אַנגעלעגענהייטען פון זייער נאַציע, וועלכע זיי האָבען זיך פּריינויליג אויסגעקליבען. יעדער בירגער האָט דאָס רעכט ארויסצוטרעטען פון זיין נאַציאָנאלען פערבאנד און אריינצוטרעטען אין א צווייטען, אויב מ׳נעהמט איהם אריין אהין.

דער נאַציאָנאלער פערבאנד פערוואלטעט די נאַציאָנאלע שולען, עלעמענטארע, מיטעלע און העכערע, ביבליאָטעקען, מוזעען א. אז. וו., שטיצט טעאַטערען און אַנדערע קולטורעלע אונטערנעהמונגען, פיהרט א נאַציאָנאלע סטאַטיסטיק, בעזאָרגט די צדקה־אנשטאלטען פון זיין נאַציע, רעגולירט די אויסוואנדערונג און פערטרעט די אינטערעסען פון דער נאַציע פאַר דעם שטאַט.

קיין שום אַנדערע און ברייטערע פונקציעס קאָן דער נאַציאָנאַלער פערבאנד ניט האָבען, ער געפינט זיך אונטער דער השגחה פון שטאַט, דאָס געריכט געפינט זיך אין די הענט פון שטאַט, גלייך ווי די פּאָסט, דאָס געלד־סיסטעם א. אַז. וו. דאָס פּאָליטישע, ווירטשאַפטליכע לעבען פון לאַנד און די אינטערנאַציאָנאַלע בעציהונגען צו אַנדערע לענדער מוזען, פערשטעהט זיך, געהערען צום שטאַט און נאָר צו איהם.

אָט דאָס איז דער אינהאלט פון דער נאַציאָנאַל־פּאָליטישער אויטאָנאָמיע, אזוי ווי זי איז פאָרמולירט געוואָרען צוערשט פונ׳ם עסטרייכיש־אידישען פּאָליטיקער און רעוואָלוציאָנס־פיהרער, אדאָלף פישהאָף און גענוי בעגרינדעט געוואָרען פונ׳ם עסטרייכישען סאָציאַל־דעמאָקראַט קאַרל רעננער (געשריבען אונטער די פּסעוודאָנימען סינאָפּטיקוס און רודאָלף שפּרינגער). די פּרטים פון דער נאַצ. אויטאָנאָמיע זיינען נאָך ניט אויסגעאַרבייט, אָבער אין פּרינציפּ איז זי שוין ארייגענומען אין די פּראָגראַמען פון דער עסטרייכישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פארטיי, פון דעם אידישען „בונד" אין רוסלאַנד, פון די פּועלי־ציון אין רוסלאַנד און עסטרייך, פון דער רוסישער פארטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען און פון איהר אידישער אָפּטיילונג „סערפּ". די פאָדערונג פון נאַציאָנאלער אויטאָנאָמיע ווערט ארויסגעשטעלט אויך פון דער אַלגעמיין ציוניסטישער פארטיי אין רוסלאַנד און עסטרייך, פון די דעמאָקראַטישע און רעוואָלוציאָנערע פארטייען ביי די רוסישע אוקראַאינער, גרוזינער, אַרמעניער און אַנדערע פעלקער.

ביז איצט האָבען מיר אויסגעטייטשט אין יורידישע טערמינען, וואָס עס הייסט „נאַציאָנאַלע זעלבסטבעשטימונג", און מיר ווילען דאָס איצט אָנווענדען צו די אידען. אין יענע לענדער, וואו פערשיידענע פעלקער פיהרען א נאַציאָנאַלע פּאָליטיק און קעמפּען פאר נאַצ. רעכט, האָט די בירגערליכע גלייכבערעכטיגונג אַליין פאר זיך זעהר א קנאַפּע בעטייטונג. דאָרט בעשטעהט די ווערדע פונ׳ם מענשען שוין ניט מעהר אין זיינע „סיטיזען־פּייפּערס", נאָר אין דעם כח פון זיין פאָלק. א קינד פון א רעכטלאָזען פאָלק וועט ניט קאָנען אויסנוצען זיינע רעכט, און וועט ניט קאָנען געשיצט ווערען אקעגען רעכטס־פערלעצונגען, אויב נאָר זיין פאָלק האָט ניט די מאכט צו דריקען אויף דער רעגירונג, אז די לעצטע זאָל זיך רעכענען מיט איהם. דעם בעסטען בעוויז האָבען מיר שוין געזעהן אין דער אידישער לאַגע אין עסטרייך. זייענדיג דאָרט יורידיש בערויבט פון נאַציאָנאַלע רעכט, האָבען זיי אויך פּאַקטיש זעהר ווייניג פון די פערזענליכע און בירגערליכע רעכט, וואָס זיינען אזוי פייערליך אויסגעשטעלט

אויפ'ן פאפיר, אין דער טעאָריע. כדי צו צווינגען די בעפעלקערונג און די אדמיניסטראציע צו רעכענען זיך מיט די אידישע אינטערעסען, בלייבט דאס איינציגע מיטעל: אוועקצושטעלען דאס אידישע פאָלק אין אזא רעכטליכער לאגע, ווי די איבעריגע פעלקער. דאס הייסט, מיט אנדערע ווערטער, אז אין די נאציאָנאליטעטען־שטאטען איז די נאציאָנאלע גלייכבערעכטיגונג א גאראנטיע פאר די בירגערליכע, פערזענליכע און מענשליכע רעכט.

אָבער אויך דירעקט ליידען די אידישע מאסען אונצעהליגען שאָדען פון זייער נאציאָנאלער רעכטלאָזיגקייט. זיי דיענען, א דאנק איהר, אלס אן אונטערדריקונגס־מיטעל אין די הענט פון די הערשענדע נאציעס, שפיעלען אן אומסימפּאטישע ראָלע אין די קאָנפליקטען צווישען די שכנ'ישע פעלקער, ווערען קולטורעל פערנאכלעסיגט, מאָראליש דעגראדירט, בלייבען אין אונוויסענהייט, האָבען דורך דער אונוויסענהייט גרויסע שוועריגקייטען אינ'ם עקאָנאָמישען קאמף פאר דער עקזיסטענץ. די שטייערן, וואָס זיי צאָהלען, ווערען איינגאנצען פערוועגדט אויף צו שפייזען פרעמדע קולטורען; די אידישע שול, טעאטער, ליטעראטור ווערען ניט אונטערגעשטיצט און דערהויבען, ווי ביי אנדערע פעלקער, נאָר זיי פיהרען אן עלענדע עקזיסטענץ און דערנידעריגערן דעם קולטורעלען מצב פון פאָלק. דאס אידישע פאָלק דארף האָבען דאס רעכט זיך קולטורעל אויפלעבען און אויפהויבען אין זיין אייגענער שפּראך, אין אידיש, פונקט ווי אלע אנדערע פעלקער. די גרויסע פינאנציעלע מיטלען, וואָס ס'פערמאָגען די פערמעגליכע אידישע עלעמענטען, דארפען בענוצט ווערען אין די קולטורעלע אינטערעסען פון זייער אייגענעם פאָלק, אויף וויפיעל זיי האָבען זייער פערמעגען פון זיין ארבייט געמאכט. די געוואלטיגע אידישע עמיגראציע געהט סטיכייאיש, ווי א פערניכטענדיגער שטורם, און קיינער זאָרגט ניט זי איינצואָרדנען און פראָדוקטיוו צו מאכען. קומט א פּאָגראָם, א בלוט־בלבול, איז ניטאָ קיין אינסטיטוט, וועלכער זאָל האָבען די געזעצליכע פולמאכט צו רעדען אין נאָמען פון אידישען פאָלק, צו מאָהנען דעם שאָדען פאר די ליידענדע אידען, צו פערטיידיגען דעם כבוד פון אידישען נאָמען.

דאס אלעס קאָן טאָן בלויז אן אויטאָנאָמער נאציאָנאלער אינסטיטוט, וואָס איז אנערקענט פונ'ם שטאט און פערטרעט דאס אידישע פאָלק פאר'ן שטאט. זאָל ער הייסען אידישער נאציאָנאלער סעים אָדער אידישער נאציאָנאל־ראט, דער עיקר איז, אז ער זאָל געניסען א טייל פון דער אָפיציעלער קאָמפּעטענץ פון שטאט, זאָל קאָנען ארויפלעגען אָבליגא־

טאָרישע שטייערן אויף זיינע מיטגליעדער, אויסהאלטען שולען, רעגולירען די עמיגראציע א. אז. וו. די אונטערשטע אָרטיגע זיילען פון אזא אינסטיטוט דארפען זיין נאציאָנאל־אידישע קהלות, וואס טראָגען ניט קיין רעליגיעזען נאָר א נאציאָנאלען כאראקטער.

און כדי דאס פאָלק זאָל ווירקליך געניסען פון זיין אויטאָנאָמיע, מוז זי געבויט ווערען אויף דעמאָקראטישע יסודות: א דעמאָקראטישע נאציאָנאלע קהלה און א דעמאָקראטישער נאציאָנאלער פערבאנד אויפ'ן יסוד פון אלגעמיינעם וואהלרעכט.

צו אלע נאציאָנאליטעטען־שטאטען, וואו אידען וואוינען אין געדיכטע מאסען, שטעלען מיר אָט די פאָדערונג. און אויב פוילען וועט צוריק ווערען א זעלבסטשטענדיגע מלוכה, וואס מיר ווינשען דעם פוילישען פאָלק פון גאנצען הארצען, אפילו ווען פוילען קריגט נאָר אויטאָנאָמיע, פערלאנגען מיר אין פוילען אידיש־נאציאָנאלע רעכט. קיין ערנסטער אידישער פאָליטיקער האָט ניט געוואגט צו רעדען וועגען א „יודעאָ־פאָלאָניא“, ווי די פוילישע אנטיסעמיטען ווארפען אונז פאָר, — מיר ווילען, אז פוילען זאָל זיין זעלבסטשטענדיג און די רעגירונגס־שפראך אין פוילען קאָן ניט זיין קיין אנדערע, ווי פויליש. נאָר אין איהרע בעציהונגען צו דער אידישער בעפעלקערונג דארף זי זיך בענוצען מיט דער אידישער שפראך, די אידישע שפראך דארף זיין די אונטעררי‌כטס־שפראך אין אלע אידישע שולען. מיר קאָנען ניט אָנפערטרויען די באַיקאָטיסטען, זיי זאָלען זיך שאפען מיט אונזערע אינערליכע נאציאָנאלע ענינים. די אינטערעסען פון גאנצען לאנד, די אינטערעסען פון דעם אידישען פאָלק און די פרינציפען פון דעמאָקראטיע פערלאנגען, אז די אינערליכע אידישע אנגעלעגענהייטען זאָלען פערוואלטעט ווערען פון א נאציאָנאל־אידישען אינסטיטוט.

---

## נאָכוואָרט.

די געשיכטע פונ'ם עמאנסיפאציאָנס־קאמף האָט אונז בעוויזען, אז די אידישע עמאנסיפאציע איז ניט קיין איינציגער אקט פון געזעצגעבונג און אפילו ניט קיין סעריע פון אקטען, נאָר, קודם כל, א לאנגער און פערוויקעלטער היסטאָרישער פראָצעס. די רעכטליכע לאגע פון די אידען אין פערשיידענע לענדער האָט אונז געלערנט, אז די דעמאָקראטישע פרייהייטען פון א לאנד זיינען אליין פאר זיך ניט גענוג, אום אידען זאָלען דארט זיין גלייכבערעכטיגט. מיר האָבען געזעהן, אז דאס העכסט דעמאָקראטישע פינלאנד איז צו אונז ברוטאל, און די מאָנארכיסטישע טערקיי איז דאס קלאסישע לאנד פון אידישער גלייכהייט און פרייהייט. מיר האָבען געזעהן צוויי שכנים־לענדער

פון גלייכער פאָליטישער ענטוויקלונג, אונגאַרן און רומעניען: דאָס ערשטע — אַ לאַנד פון אידישער גלייכהייט, דאָס צווייטע — דער שוידערליכסטער גיהנם פאַר אונזערע ברידער. אויך האָבען מיר געזעהן, אַז אונזערע האָפנונגען קאָנען מיר ניט בויען אויסשליסליך אויף דער פרייהייטליכער טראַדיציע פון אַ לאַנד: וואָס דאַרף מען שוין מעהר מענשליך און רעכטליך, ווי די היסטאָרישע טראַדיציע פון דער בעציהונג פון פוילישען שטאַט צו די אידען — און היינט איז פוילען דער שרעקען־סימבאָל פאַר'ן אידישען פאָלק! *)

די היסטאָרישע ערפאַהרונג ווייזט אונז, אַלזאָ, אַז די ערשטע זאַך — איז אונזער אייגענער קאמף פאַר אונזערע רעכט, און אַז אין דעם קאמף קאָנען מיר נאָר טיילווייז רעכנען אויף די גערעכטיגקייטס־געפיהלען ביי די פעלקער. אַ סך מעהר דאַרפען מיר זיך שטיצען אויף די אינטערעסען פון די אומות העולם, און די קעמפער פאַר אַ מאָדערנעם שטאַט זיינען פעראינטערעסירט אין דער גלייכהייט פון אַלע בירגער פאַר'ן געזעץ. ווייטער, קאָנען אונז בעהילפיג זיין די אינטערנאַציאָנאַלע אינטערעסען, ספּעציעל נאָך דער היינטיגער וועלט־מלחמה. אין אונזער קאמף פאַר רעכט אין רוסלאַנד וועט אונז גרינגער זיין צו פעראינטערעסירען די עפענטליכע מיינונג פון דער וועלט, ווייל די רוסישע רעגירונג האָט אַליין געזאָרגט דערפאַר, אַז די אידען־פראַגע זאָל פון אַן אינערפאָליטישער אנגעלעגענהייט ווערען אַן אינטערנאַציאָנאַלער סקאַנדאַל און אַ סכנה פאַר דער גאַנצער ציוויליזאַציע. די פּאָגראָמען, די סטעכייאישע עמיגראַציע, דער ביילים־פּראָצעס און, ענדליך, די מיליטערישע פערניכטונג פון גאַנצע אידישע קהלות האָבען כסדר געווירקט אין אָט דער ריכטונג. די פוילען־פראַגע איז אַליין פאַר זיך געוואָרען אַ ברענענדיגער אינטערנאַציאָנאַלער ענין, און דאָס לאָזט אונז האָפען, אַז די פויליש־אידישע

*) אַ ריהרענדע לעגענדע דערצעהלט, אַז ווען די ערשטע אידישע קאָלאָניסטען זיינען געקומען קיין פוילען, האָבען זיי געפרעגט ביי דעם סעים, אויב מ'וועט זיי ניט מאָרדען, ווי אין אַנדערע לענדער. אַן ענטפער האָט מען זיי' געגעבען „פּאָלסקאַ שליאַכטאַ ניע מאָרדויע“ (די פוילישע שליאַכטאַ מאָרדעט ניט). געפרעגט האָבען זיי ווייטער, אויב מ'וועט ביי זיי ניט רויבען זייער גוטס, און דער ענטפער איז געווען: „פּאָלסקאַ שליאַכטאַ ניע ראַבויע“. ווייטער דערצעהלען אונז פאָלקס־לעגענדען, אַז אידען פלעגען שפּיעלען אַ גרויסע ראָלע אין דער רעגירונג פון פוילען, און אַפילו אויסגעקליבען געוואָרען אויף דעם פוילישען קעניגס־טראָן. די לעגענדען זיינען היסטאָריש ניט ריכטיג, נאָר דערפאַר זעהר כאַראַקטעריסטיש פאַר דער גליקליכער לאַגע פון די אידען אינ'ם אַמאָליגען פוילען.

בעציהונגען וועלען געפינען א געהעריגע אויפמערקזאמקייט בעת די פריע־דענס־אונטערהאנדלונגען.

מיר האבען געזעהן, אז דאס מיטעלאלטער האט געהאט זיין פארם פון פערטיידיגען די אידישע אינטערעסען: דאס איז געווען שתדלנות — די פארם אנגעמאסטען צו דער דעמאלטיגער וועלט פון פריווילעגיעס און הנחות. אין דער היינטיגער וועלט פון גלייכהייט פאר'ן געזעץ איז שתדלנות ניט מעהר, ווי א ירושה פון מיטעלאלטער. זי ווערט ביי אונז פראקטיצירט נאר פון די אפגעלעבטע און רעאקציאנערע שיכטען. דאס מאדערנע מיטעל צו פערטיידיגען אונזערע אינטערעסען איז — פאליטישער קאמף און א ברייטע דעמאקראטישע ארגאניזאציע פון אידישען פאלק. דאס מיינט אן אלוועלטליכען אידישען קאנגרעס אויף דעמא־קראטישע יסודות.

מיר דארפען זיין גרייט און ארגאניזירט צו זאגען אונזער ווארט מיט דער נויטיגער פעסטקייט אין דער ריכטיגער צייט, און צו אונטער־שטיצען דיעזעס ווארט דורך מאסען־דעמאנסטראציעס. מיר דארפען שטעהן אויף דער וואך, אז ס'זאל זיך ניט ווידערהאלען דער סקאנדאל מיט'ן בער־לינער טראקטאט און רומעניען, וואו דורך יעזואיטישע דריידלעך איז בטל געווארען די אינטערנאציאנאלע אריינמישונג צו אונזער טובה. מיר דארפען זיין ארגאניזירט ניט אויף א ווייל, נאר אויף שטענדיג, ווייל דער קאמף פאר רעכט איז ניט קיין קאמף אויף א ווייל, נאר אויף שטענדיג, און אין פראצעס פון קאמף וואקסען אונזערע אינטערעסען, ס'פערברייטען זיך אונזערע רעכטס־פערלאנגען, ס'עפענען זיך פאר אונז אלץ נייע און נייע פערספעקטיווען. ס'איז ניט גענוג אויסצוקעמפען זיך דאס רעכט אין טעאריע, מ'מוז איהם אויף שריט און טריט נאך אויסקעמפען, פער־ווירקליכען, פערטיידיגען אין דער פראקטיק. דער קאמף פאר אידישע רעכט פערלאנגט א פערמאנענטע ארגאניזאציע פונ'ם אידישען פאלק.

אין דער פראקטיק איז א רעכט געזיכערט בלויז דאן, ווען אויסערהאלב אט דעם רעכט זיינען פאראן געוויסע גאראנטיעס. מיר האבען געזעהן, אז די מענשליכע רעכט ווערען גאראנטירט דורך פערזענליכע רעכט; אז די פערזענליכע רעכט ווערען גאראנטירט דורך בירגערליכע רעכט; אז אין די נאציאנאליטעטען־שטאטען ווערען די בירגערליכע און אנדערע רעכט גא־ראנטירט דורך נאציאנאלע רעכט. נאר מיר האבען אויך געזעהן, אז רעכטלאזיגקייט שטאמט פון מאכטלאזיגקייט, און מיר קאנען זיין זיכער, אז אפילו די נאציאנאלע אנערקענונג און נאציא־

נאַלע עמאַנסיפּאַציע וועלען אונז ניט געבען די פולע גאַראַנטיע אַזוי לאַנג, ווי דאָס אידישע פאָלק איז מאכטלאָז אין דער וועלט, און פערמאָגט ניט קיין אייגען לאַנד, קיין אייגענעם שטיצפּונקט אויף דער ערד־קוגעל אַזוי לאַנג, ווי מיר זיינען אַ באָדענלאָזע אויסנאַהם צווישען אַלע פעלקער.

די אידישע *רעכטלאָזיגקייט* וועט ניט אָפּגעשאַפט ווערען ענדגילטיג און פולשטענדיג אַזוי לאַנג, ווי עס וועט פערבלייבען די אידישע *היימלאָזיגקייט*.

אָט די אַלע פראַגען, די אַלע פאַזען פון אידישער עמאַנסיפּאַציע שטעהען אויף דער טאַגעס־אָרדנונג אינ'ם היינטיגען שיקזאַל־שווערען היסטאָרישען מאָמענט, אינ'ם מאָמענט, ווען די צייט איז טראָגעדיג מיט נייע וועלטען און גרייט זיך זיי צו געבוירען אין איבערמענשליכע יסורים. אַלע אָט די פאַזען פון בירגערליכער און נאַציאָנאַלער רעכטלאָזיגקייט, פראַגען פון אונזער געפאַלענקייט און היימלאָזיגקייט שטעהען און מוזען שטעהן אויף דער טאַגעס־אָרדנונג פון דער אידישער אָרגאַניזאַציאָנס־בעוועגונג און פונ'ם אידישען קאָנגרעס.

נאָר מיר האָבען אויך געזעהן, אַז שטענדיג, אין אַלע פאַזען פון אונזער הונדערט־יאָהריגען קאַמף פאַר רעכט, שטענדיג האָבען זיך אין אונזער אייגענער מיט, צווישען דעם אידישען פאָלק, געפונען גאַנצע שיכטען פון אינערליכע פיינד, און זיי האָבען מיט אַלע מיטלען געקעמפט געגען די רעכט פון זייער פאָלק, מיט אַלע מיטלען געשטערט אונזער עמאַנסיפּאַציאָנס־קאַמף. אידישע רעאַקציאָנערען האָבען די אידישע בעוועגונג געשעדיגט אין יענער צייט, ווען אונזער פאָלק האָט געקעמפט פאַר בירגערליכער עמאַנסיפּאַציע. און היינט שטעלען זיך אויף די אינערליכע געגנער פון אונזער פאָלק און אָרגאַניזירען זיך צו שטערען דעם היינטיגען שטרייט פאַר נאַציאָנאַלער עמנאַסיפּאַציע און פאַר אַן אייגענער היים.

אַזוי היסטאָריש שריט ביי שריט ווערט דער אידישער עמאַנסיפּאַציאָנס־קאַמף ברייטער אין פערספּעקטיווען, און אַלץ אויף נייע פּאָזיציעס קלייבען זיך אריבער די אינערליכע פיינד פון אידישער פרייהייט און גלייכהייט.

אונזער עמאַנסיפּאַציע דאַרף אויסגעקעמפט ווערען ניט נאָר אין דרויסען, נאָר אויך אינוועניג, אינ'ם אידישען פאָלק גופא: איצט, אַזוי ווי אין די אַמאָליגע צייטען. דער קאַמף פון אידישע רעכט ווערט פער־וואַנדעלט אין אַ לאַנגען און שווערען קאַמף געגען אַסימילאַציע און געגען הפקרות. דער קאַמף פאַר רעכט ווערט פערוואַנדעלט אינ'ם קאַמף פאַר נאַציאָנאַלען שטאָלץ און נאַציאָנאַלער אונאָפּהענגיגקייט.

